# קאנט'ס עטיק

פון בוך

## קריטיק פֿון דער פּראקטישער פֿערנונפֿט

איסגעקליבען

— דורך —

ב. שײנבערג

פערלאג „עטיק"

לא עליך המלאכה לגמור
ולא אתה בן חורין להפטר ממנה
(פרקי אבות ב')

Drukarnia I. Hendlera, Warszawa, Długa 26.

בעשליסענדיג אַרויסצוגעבען אין אונזער פערלאַג קאַנט׳ס עטיק (ניט די פילאָזאָפיע) האָבען מיר געוואָלט איבערגעבען די דאָזיגע אַרבייט אַ פאַסענדע פערזאָן אַ ליטעראַט אַ פאַכמאַן. אַזוי ווי אָבער עס איז שווער געוועזן צו געפינען אַזעלכען, וועלכער זאָל מרוצה ווערן אויסצופירען די אַרבייט לויט אונזערע אָנצייכנונגען, איז דער פערלעגער געצוואונגען געוועזן אַליין צו מאַכען אַ פּרואוו, כדי צו איבערצייגען זיך קודם אין דער מעגליכקייט אָדער אונמעגליכקייט דערפון. אַזוי אַרום איז די איבערזעצונג, נאָך שווערע אַרבייט, דורכ׳ן פערלעגער, לויט זיינע יכולות׳ן, פערענדיגט געוואָרען. פערשטעהט זיך, אַז זי איז ניט אַרויסגעקומען אַזוי יודישלעך, ווי ביי אַ ספּעציאַליסט ליטעראַט, בין אָבער זיכער, אַז יענער לעזער, וועלכער זוכט עטיק וועט ער עס דאָ געוויס געפינען און פערשטעהן, יענעם לעזער ווידער, וועלכער זוכט דוקא שענעם סטיל בין איך איהם פריהער מוסר מודעה, אַז ער זאָל בעסער דעם בוך גאָר ניט אָנהויבען צו לעזען.

איך האַלט פאַר מיין חוב צו בעמערקען דאָ אָט וואָס: מיר שמעקט ניט קיינע סטיליסטישע בעפּוצונגען, איך האַלט, אַז אַ שענער סטיל שאדט דעם אינהאַלט, איך געפין, אַז דאָס בוך, וועלכער איז „שעהן” אַרויסגעגעבען, איז „געשמאַק” צו לעזען ווירט עס בלויז אָן דעם לעזער׳ס חוש פון שענהייט, דעם חוש פון געשמאַק און עס דערגעהט נישט צו זיין האַרץ. עס זענען אָבער דאָ שפּראַך געזעצען, בעשטימטע אָרטאָגראַפישע און טעכנישע פאָרמען, וועלכע מ׳מוז אָבהיטען און ניט זייענדיג גוט בקי אין דעם האָב איך עס איבערגעגעבען צו דער קאָנטראָל פון אַ געסמיכה׳טען ליטעראַט, וועלכער האָט עס אויספעריכט, ווי ווייט ס׳האָט זיך געלאָזען.

ווען איך האָב דורכגעלייענט קאַנט'ס בוך „די קריטיק פון פראַקטישעז פערנונפט", אַדורכקריכענדיג מיט גרויס מיה און מאַטערניש די שווערע שטעלען און די האַרבע פילאָזאָפישע פּלפּולים, וועלכע זענען פאַר דעם פּשוט'ן, ניט פילאָזאָפיש פּלפּול'דיגען לעזער, ווי אַ שווערע משא, איז מיר איבערגעבליבען אַ זעהר אָנגענעהמער איינדרוק פון זיינע ניט פילאָזאָפיש־פשטל'דיגע, נור איינפאַכע קלאָרע און האַרציגע עטישע ווער־טער, פשוט גערעדט — פון זיין מוסר. איך בין אַ קליינער בקי אין די וועלטליכע עטישע ספרים, דאָך האָב איך דער־שפירט, אַז ביי איהם האָט די עטיק דערגרייכט די העכסטע מדרגה, ווייל ער איז זי, די עטיק, אויף קיין זאַך ניט סומך, ניט אויף יראה, ניט אויף אהבה, בכלל ניט אויף רעליגיע און ניט אויף טובת הכלל, נאָר בלויז אויף דעם, אין מענשען גופא טיף אינערליך פאַרבאַהאַלטענעם שופט — דער זיטליכער פליכט־געבאָט, דער קאַטעגאָרישער אימפעראַטיוו, ווי ער רופט עס אָן. דאָס איז עטיק לשם עטיק. „עושה האמת מפני שהוא אמת". דער שכר פון עטיק איז די עטיק אַליין, די הנאה, וועלכע מ'האָט, וואָס מ'פילט זיך ריין געגען זיך אַליין, וואָס מ'דאַרף זיך ניט פאַרבעהאַלטען פאַר דעם אייגענעם שטרענגען מוסר־זאָגער.

קאַנט האָט ניט בעשאַפען קיין נייע עטישע תורה. ער האָט דאָ ניט געשריבען קיין מדות, ווי אַזוי מ'זאָל זיך פירען אין לעבען, אַז דאָס טאָר מען ניט, אָבער ביי אַזאַ און אַזאַ פאַל, למשל, מעגסטו פערבויגען דעם דין: לטובת הכלל (אַ דער טובת הכלל! וויפיל אומגליקען האָט ער געבראַכט און ברענגט אויף דער וועלט) מעג מען אַמאָל עובר זיין אויף דער עטיק.

ביי איהם זענען ניטאָ קיין צוויי וועגען מיט אַ מיטען. ער האָט איין מדה — פאָלגען דעם זיטליכען פליכט־געבאָט, דעם קאַטעגאָרישען אימפעראַטיוו, און איין וועג — געהן צום הימעל, שטרעבען צו דערגרייכען די העכסטע מדרגה פון רוחניות. עס מאַכט גאָרנישט אויס, וואָס מ'וועט דעם סוף קיינמאָל ניט דערגרייכען, מיר זענען מחויב צו געהן. „פון דעם, וואָס דער מענש וועט זיך קייגמאָל ניט נוהג זיין פונקט לויט דער ריי־נער אידעע פון זיטליכקייט — זאָגט ער — איז לחלוטין ניט געדרוּנגען, אַז די אידעע זאָל כלומר'שט זיין אַ בלויזער חלום". און אין אמת'ן: וואָס קאָן דאָ זיין, אַז מ'וועט ניט קומען צום סוף? דאָס געהן אויף דעם וועג, דאָס שטרעבען דערצו איז דאָך שוין גוט.

קאַנט איז נישט קיין נביא. ער שרייט ניט מיט האַרץ־קולות אויף דער וועלט'ס עוולות. קאַנט איז אַ מעטאַפיזיקער, אַ חקרן, אַ עטישער פילאָזאָף. ער ווייזט־אויף די גרויסקייט און שטאַרקייט פון דער עטיק דורך ווייט אַרומגעהענדע שווערע חקירות. אמת, דער גוף־הענין, די עטיק אַליין, איז ביי איהם אויך גאַנץ לייכט (וואָס קאָן דען עטיק זיין שווער?), אָבער דער צוטריט איז פערלייגט מיט שווערע מוח'דיגע פילאָזאָפעריי, וואָס איז אַ לאַסט פאַר דער עטיק. נאָר אויב דער עיקר איז טאַקע די עטיק, „די שטרעבונג צו גוטס און זעליגקייט", קאָן מען אָבער דאָך נישט מבטל זיין אינגאַנצען די פילאָזאָפיע און שטעלען אויף איין מדרגה די תשוקה צו דער בלויזער פילאָזאָפיע מיט דער תשוקה צו גימנאַסטיק און דער תשוקה צו געלד" (פלאַטאָן, „די סעודה"). די שיטה, וועלכע טייטשט דעם „והגית בו יומם ולילה": „אַבי דו לערנסט איז גוט, אפילו ווען דו פערשטעהסט ניט" איז אַ וויכטיגער ענין, אויף וועלכען מ'דאַרף זיך אָבשטעלען. מיר דאַרפען די דאָזיגע תשוקה טיילען אויף צוויי מינים. די תשוקה צו לערנען, צו פילאָזאָפיע, וועלכע איז לשמה, כדי אָבצורייסען זיך פון דער גשמיות, פון די וועלטליכע הבלים און אַריינצוטאָן זיך אין רוחניות, זי איז טאַקי אויף יעדען אופן מקים דעם „והגית".

די תשוקה האָט אַ גרויסען ווערט, דער מענש ווערט פון איהר גייסטיגער, עטישער. די תשוקה צו לערנען, צו פילאָזאָפיע, וועלכע איז שלא לשמה, נאָר כדי די צייט צו פערטרייבען, דעם מוח צו שאַרפען, לחדודא בעלמא, הגם עס איז שווערליך צו גלייכען דאָס מיט דער תשוקה צו געלד (זעהט אויס, אַז אין פלאַטאָנ׳ס צייטען איז די געלד־תשוקה ניט געווען אַזוי פערדאָרבען ווי היינט), קען מען אָבער זאָגען אויף איהר בפה מלא, אַז זי האָט קיין שום ווערט ניט, אַז דער מענש ווערט דורך איהר ניט בעסער.

נאָר ווען מיר גיבען אַ וויכטיגע בעדייטונג די פילאָזאָפעריי, וועלכע מיינט דערמיט אָבצורייסען זיך פון דער חושים׳דיגער, זינליכער, וועלט, דאַרף מען אָבער ניט פערגעסען, אַז דאָס איז נור, אַזוי צו זאָגען, אַ נעגאַטיווע גוטס, דאָס איז בלויז אַ שטאַפּעל אַרויפצוגעהן צום עיקר — צו דער עטיק. אַלזאָ, ווען זי אַליין, די פילאָזאָפעריי, פאַר זיך בעזונדער, איז דאָך אַ גרויסע מעלה, איז זי אָבער אַ אויסגעמישטע מיט דער עטיק און נאָך אין אַזאַ מאָס, ווי ביי קאַנט׳ן, — ערלויב איך מיר צו זאָגען, אַז דאָ איז אפילו די דאָזיגע לשמה פילאָזאָפיע אַ חסרון. איך ערלויב מיר אויך צו קלערען, אַז ווען דער עטישער פילאָזאָף פון דער „קריטיק פון ריינעם פערנונפט“ און „קריטיק פון פּראַקטישען פערנונפט“ דער פרידען פילאָזאָף פון „צום אייביגען פרידען“ וואָלט אויפגעשטאַנען תחית המתים און געזעהן, ווי קליין עס איז נאָך די צאָהל עטישע מענשען, וואָלט ער אַליין צובראָכען די דאָזיגע לוחות זיינע און אָבגעטיילט די עטיק פון דער פילאָזאָפיע.

קאַנט אַלס עטיקער האַלט, נאַטירליך, אַז דער מענש האָט אַ פרייען ווילען, ער איז אַ בעל בחירה. ווען ניט, איז דאָך ניטאָ קיין עטיק. אויב מיר זאָלען אָננעמען, אַז דער מענש איז בלויז אַ אָנגעשטעלטע מאַשין, האָט קיין שום ממשלה איבער זיך ניט און איז כחומר ביד היוצר, איז דאָך נישט שייך צו זאָגען: גוט געפירט זיך, שלעכט געפירט זיך, ער דאַרף אַזוי, ער זאָל אַזוי טאָן. דאַן איז דאָך דער מענש ניט פעראַנטוואָרטליך פאַר זיינע מעשים. קאַנט ווייזט דעריבער

אויף מיט פיל ראיות און חקירות, אַז דער מענש האָט יאָ אַ פרייען ווילען. מיר קענען גאַנץ דרייסט אַ סך פון די דאָזיגע חקירות אַדורכלאָזען און דאָך אָננעמען דעם לעצטען בעשלוס, אַז דער מענש איז יאָ אַ בעל-בחירה און ניט פערטומלען זיך דערוויל פונ'ם עיקר, פון דער עטיק, ווייל, — קאַנט אַליין רעדט זיך אויף אין דעם אַרט אויס — מ'דאַרף זאָגען: „איך וויל פון קיין חקירות ניט וויסען. איך זאָג, איך בין אַ בעל דעה איבער זיך און וויל אַנדערש ניט וויסען". געוועהנליך, מ'דאַרף ניט פערגעסען, אַז דער מענש בעשטעהט אויך פון חומר'שען גוף, וועלכער איז טאַקי ווי אַ מאַשין, וואָס מוז זיינע פונקציעס אויספירען און דער העכערער טייל פונ'ם מענש, דער גייסטיגער טייל, בעדאַרף אַליין, מיט'ן פרייען ווילען, מסכים זיין, אַז דאָס איז אויסער זיין מחיצה. דער מענש דאַרף גאָר ניט וועלען קעמפפען, למשל, מיט זיינע נקבים, מיט זיין אַפּעטירונג צום עסען א. ד. ג.*) דער גייסטיגער טייל קען אָבער האָבען אַ שליטה איבער'ן גוף, אַז ער זאָל ניט אַריבערגעהן זיין גרעניץ. דער מענש לעבט צווישען מענשען אין אַ געזעלשאַפט, אין אַ מלוכה און האָט פון דעם פאַר זיך געוויסע נוצען. איז ער אַליין מיט'ן פרייען ווילען מסכים — ערקלערט קאַנט — צו בעשרענקען זיך אין געוויסע בעקוועמליכקייטען, כדי צו בעקומען יענע נוצען, וועלכע ער בעקומט פון זיי, אָבער פאַר זיך אַליין איז ער אַ פרייער מענש, ער קען וועלען זיין גוט און שטרעבען דערצו.

מיר האָבען זיך ערלויבט אַדורכצולאָזען די מעטאַפיזישע פרקים, הגם מיר האַלטען די דאָזיגע חקירה פאַר נוצליך דערמיט, וואָס זי נעמט דערוויל אַרויס דעם מענשען פון די גשמיות'דיגע אָדער עקאָנאָמישע, ווי מ'רופט עס, פראַגען,

---

*) איך רעכען, אַז צום מאמר „ווייל די נשמה האָט זיך אויסגעקליבען אָט דעם גוף איז זי דעריבער פעראַנטוואָרטליך פאַר די מעשים" — קען מען צוגעבען: און איז דעריבער אויך מחויב נאָכצוגעבען דעם גוף זיינע אמת נאַטירליכע פאָדערונגען.

בפרט נאָך ביי אַזאַ מעטאַפיזיקער ווי קאַנט, וועלכער האַלט, „אַז דער לעצטער תכלית פון דער פאַר אונז חכמה׳דיג זאָרגענ־דיגער נאַטור ביים איינריכטען אונזער פערנונפט איז געווען, אייגענטליך, בלויז די מאָראַל". מיר האַלטען אָבער, אַז דאָרט, וואו די מאָראַל איז אויסגעמישט מיט מעטאַפיזישע חקירות ווערט די מאָראַל פערשטעלט.

געוויס, איינגאַנצען אויסטיילען קאַנט׳ס עטיק פון דער פילאָזאָפיע איז אונמעגליך. זיי מוזען בלייבען, לכל הפחות, געריגעוועט, אַ שטיקעל בריקעל מוז זיי צוזאַמען שליסען, אָבער דו, לעזער, געדענק, אַז די פילאָזאָפיע איז בלויז אַ פרוזדור אַרייצוגעהן צום עיקר — צו דער עטיק, און ווען די פילאָזאָפישע זייט וועט דיר זיין האַרבליך, אַביסעל אונפערשטענ־ליך, שטעל זיך לאַנג דערויף ניט אָפּ און גיי ווייטער, זוך די עטיק. דען בלויז זי אַליין איז דער עיקר און תכלית פונ׳ם לעבען. זי איז פשוט די געשמאַקסטע הנאה פון לעבען. עס עס איז גלאַט אַ שכל, איינפאַך אַ לעבענס־חכמה צו זוכען די עטיק און מיט איהר זיך צו חבר׳ן. „מיט דער עטישער התעוררות — זאָגט קאַנט, לאָזען זיך פערבינדען אַזויפיל נחת און לעבענס־אָנגענעמליכקייטען, אַז שוין צוליב זיי אַליין וואָלט מען געקענט פעררעכענען פאַר דעם קליגסטען אויסוואַהל פון אַ חכם און איבער דאָס גוטע פונ׳ם לעבען נאָכדענקענ־דיגען עפיקורעער, ווען מ׳זאָל זיך אַרויסזאָגען פאַר אַ זיטליכער אויפפירונג".

די פראַגע פון „צדיק ורע לו רשע וטוב לו" איז אין אמת׳ן גאָר קיין פראַגע ניט, ווייל ווירקליך איז טאַקי: צדיק וטוב לו רשע ורע לו. אַז דעם רשע איז ניט טוב, דאָס זעהט יעדער, ווער עס האָט נור אויגען צו זעהן ניט בלויז דאָס אויסערליכע אויסזעהן! דעם רשע איז ערשט אמת אינערליך שלעכט, ער איז קיינמאָל ניט צופרידען, ער האָט פאַר זיך אַליין שטענדיג מורא, ער מוז זיך כסדר מיט עפּעס פערטומלען, פערשפּילען, פערשידענאַרטיק פערשכור׳ן, כדי אַזוי אַרום צו פערבעהאַלטען זיך פאַר זיין אייגענעם אינערליכען איד. אַז

דעם אמת׳ן צדיק, ניט דעם שוואַכען מענשען, וועלכער האַלט אייגענטליך פון די אויסערליכע חושים׳דיגע הנאות און בעגערט זיי, נאָר ער איז ניט אימשטאַנד זיי צו בעקומען, וועלכער איז ניט בכוח צו זיין אַ רשע, ניט אויף יענעם, ווי קאַנט ווייזט אַזוי שטאַרק אָן דעם חלוק, וואָס אויף זיין גוטען געפיהל ווירקען זינליכע התעוררות׳ן, נאָר יענער אמת׳ער צדיק, ביי וועמען אויף זיין גוטען געפיהל ווירקט ריינע זיטליכע פער־נונפט, וועלכער איז מיט׳ן שכל מבטל די אָבגעגאַרטע חושים׳־דיגע הנאות און שטרעבט צו געפינען דעם געשמאַק פונ׳ם לעבען אין גייסטיגקייט, וועלכער איז ביכולות צו זיין רשע און וויל ניט, אַז אָט דעם אמת׳ן זעלבסטשטענדיגען צדיק איז ערשט אמת טוב, בעמערקען דאָך אין גרונד אַלע, הגם זיי שמועסען זיך כלומר׳שט איין, אַז עס איז אים רע, אָבער אי־נערליך פיהלען זיי דאָך, ווי עס ווילט זיך ניט, אַז איהם איז טאַקי יאָ טוב.

נ. ש.

עמנואל קאַנט איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1724 אין קעניגסבערג און דאָרט געשטאָרבען אין יאָהר 1804. זיין גאַנץ לעבען, וועלכען ער האָט איבערגעגעבען נאָר צו גייסטי־גער אַרבייט, האָט ער פערבראַכט בלויז אין זיין געבורטס־שטאָדט. זיין פאָטער איז געוועזען ניט קיין רייכער זאָטעל־מאַכער. די פאַמיליע האָט זיך אויסגעצייכענט מיט עהרליכקייט און רעליגיעזישאַפט אינ׳ם פיעטיסטישען (זיטליך פרומען) גייסט (איבערהויפט די מוטער). דערזעלבער גייסט האָט געהערשט אויך אין דער שולע, אין וועלכער קאַנט האָט בעקומען זיין מיטעל־בילדונג. די פערזענליכקייט און דאָס לעבען קאַנט׳ס שטעלען פאָר מיט זיך אַ פאָלקאָם גאַנץ אונטיילבאַר בילד, וואָס ווערט כאַראַקטעריזירט מיט׳ן כסדר׳דיגען הערשען פון דער איבערלעגונגס קראַפט איבער די עררעגונגען און דער זיטליכער פליכט־ערפילונג איבער די תשוקות און שפל׳דיגע אינטערעסען. האַלטענדיג זיין וויסענשאַפטליך־פילאָזאָפיש עטישען בערוף פאַר

דער העכסטער פליכט, האָט ער אונבעדינגט אונטערגעוואָרפען איהר אַלעס איבעריגע. דורך איהר קראַפט האָט ער בעזיגט זאָגאַר די נאַטור, פערוואַנדלענדיג זיין שוואַכען און קרענקליכען קערפער אין אַ פונדאַמענטאַלען יסוד פון סאַמע שווערער, געמאַטערטער גייסטיגער אַרבייט. ביי זיין בעזונדערער נייגונג צו געאָגראַפיע און רייזעס, איז ער פונדעסטוועגען קיינמאָל ניט ארויסגעפאָרען פון קעניגסבערג, כדי ניט מבטל צו זיין פון זיינע אויף זיך גענומענע פליכטען. פון דער נאַטור אַ קרענקליכער, האָט ער מיט זיין ווילענס־קראַפט און מיט זיין רעגעלמעסיגען אַרט לעבען דערגרייכט דאָס, אַז ער האָט געלעבט ביז אַ טיפען עלטער (80 יאָהר), ניט זייענדיג קיין איין מאָל קראַנק.

# איבער די יסודות
# פון ריינער פראַקטישער פערנונפט

## ערקלערונג.

די פראַקטישע יסודות דאָס זענען חקירות, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך די אַלגעמיינע בעשטימונג פונ׳ם ווילען, וואָס האָט אונטער זיך אַ סך רעגעלן. זיי זענען סוביעקטיווע אָדער מאַקסימען, ווען די בעדינגונגען זעהען אויס פאַר׳ן סוביעקט ווי אַזעלכע, וועלכע האָבען אַ בעדייטונג בלויז פאַר זיין ווילען. זיי וועלען אָבער זיין אָביעקטיווע אָדער פראַקטישע געזעצען, אויב זיי ווערען אַנערקענט פאַר גילטיג אַלס אָביעקטיווע ד. ה. אַלס אַזעלכע, וועלכע זענען גילטיג פאַר יעדען פערנונפטיגען וועזען.

## בעמערקונג.

ווען מ׳נעמט אָן, אַז די ריינע פערנונפט, דער שכל הישר, קען אין זיך ענטהאַלטען אַ פראַקטישען יסוד ד. ה. דעם כוח צו בעשטימען דעם רצון, דאַן גיט עס פראַקטישע געזעצען, אָבער דאָרט, וואו דאָס דאָזיגע איז ניטאָ, וועלען אַלע פראַקטישע יסודות זיין בלויז מאַקסימען. אין אַ פאַטאָלאָגיש פאָרגענומענעם רצון פון אַ וועלכען פערנונפטיגען וועזען קען פאָרקומען אַ ווידערשטאַנד פון דער זייט פון זיין מאַקסימע, פרינציפ, צו דעם פון איהם אַליין אַנערקענט געוואָרענעם פראַקטישען געזעץ. עס קען זיך ווער, למשל, מאַכען פאַר אַ מאַקסימע, נעמען אויף זיך ניט אַריבער צו טראָגען קיין איין

בעליידיגונג אונצובעשטראָפען דערפאַר, און דאָך צוגלייך וועט ער איינזעהן, אַז דאָס איז ניט קיין פּראַקטיש געזעץ, נאָר זיין אייגענע מאַקסימע, אַלס כלל דאַגעגען פאַר יעדען פערנונפטיגען וועזען, איז אין דערזעלבער מאַקסימע קען עס מיט זיך זעלבסט ניט צוזאַמענשטימען.

קאַנט ערקלערט דאָ ווייטער, ווי אַזוי דער שכל בעשליסט דעם רצון אין פערשידענע אופנים, גיט אַרויס פאַר דעם ווילן געוויסע בעפעהלען, סובּיעקטיווע און אָבּיעקטיווע, אַזעלכע, וועלכע זענען ריינע ווילענס, אַז אַזוי בעדאַרף צו זיין, אַזוי זאָל זיין און אַזעלכע, וועלכע דער שכל הייסט, זיי זאָלען אויסגעפירט ווערען און מוזען אויסגעפירט ווערען, ביז ער געהט איבער צום סעיף II, וואו ער זאָגט.

אַלע מאַטעריעלישע פּראַקטישע פּרינציפּען אַלס אַזעלכע, זענען אַלע פון איין און דעמזעלבען אַרט און געהערען צום אַלגעמיינעם פּרינציפּ פון זעלבסטליבע אָדער אייגענע גליקזעליגקייט.

די צופרידענהייט פון דער פאָרשטעלונג איבער דער עקזיסטענץ פון אַ זאַך, ווי ווייט זי בעדאַרף צו זיין דער בעשטימונגס־יסוד פון בעגעהר פון דער דאָזיגער זאַך, גרינדעט זיך אויף דער *עמפּפינדליכקייט* פון סובּיעקט, דען זי איז *אָבּהענגיג* פון דער עקזיסטענץ פונ'ם געגענשטאַנד. דאָס געהערט בכן צו די אויסערליכע חושים (צום געפיהל), אָבער נישט צום פערשטאַנד, וועלכער דריקט אויס די בעציהונג פון דער פאָרשטעלונג צום *אָבּיעקט* לויט בעגריפען, אָבער ניט צום סובּיעקט, לויט געפיהלען. זי איז אַלזאָ בלויז אויף אַזוי פיל פּראַקטיש, אויף ווי ווייט די עמפּפינדונג פון ז'ער אָנגענעמליכקייט, בעשטימט דעם כח פונ'ם בעגעהר. דער בעוואוסטזיין אָבער פון דעם פערנונפטליכען וועזען וועגען דער אָנגענעמליכקייט פונ'ם לעבען, וואָס בעגלייט איהם אין משך פון זיין גאַנצער עקזיסטירונג, איז *גליק*, און יענער פּרינציפּ, וועלכער מאַכט דאָס דאָזיגע גליק פאַר דעם העכסטען יסוד פון ווילקיר, איז דער פּרינציפּ פון זעלבסטליבע. אַלזאָ, אַלע מאַטעריעלישע פּרינציפּען, וועלכע טוען אַריין דעם בעשטימונגס־

יסוד פון ווילקיר אין דער אַנגענעמליכקייט אָדער אונאַנגענעמליכקייט, וואָס בעדאַרף אַרויסקומען פון אַ וועלכען־נישט־אין געגענשטאַנד פון דער ווירקליכקייט, זענען אינגאַנצען פון איינערליי אַרט, נעמליך דאַדורך, ווייל זיי אַלע געהערען צום פּרינציפּ פון אייגענליבע אָדער אייגענע גליקזעליגקייט.

## פון אַ ערקלערונג.

אפילו דער סאַמע דורכשניטליכסטער שכל קען אַליין אָהן אַ זייטיגע אונטערווייזונג בעשליסען, וועלכע פאָרם מאַקסימע פאַסט זיך פאַר אַ אַלגעמיינעם געזעץ און וועלכער ניט. איך האָב זיך, למשל, געמאַכט פאַר אַ מאַקסימע: פערגרעסערען מיין פערמעגען דורך כל הזיכערע מיטלען. איצט געפינט זיך ביי מיר אַ דעפּאָזיט (איינגעלייגט געלד), דער אייגענטימער פון וועלכען איז געשטאָרבען און האָט ניט איבערגעלאָזען וועגען דעם קיין שום דאָקומענט. נאַטירליך, דאָ איז פערהאַן אַ מעגליכקייט צוצופּאַסען מיין מאַקסימע. איצט וויל איך נור וויסען, צי קען די דאָזיגע מאַקסימע גילטען אויך פאַר אַן אַלגעמיין פּראַקטישען געזעץ. איך ווענד דאָס אַלזאָ אָן אויפ׳ן איצטיגען פאַל און פרעג: צי קען מיין מאַקסימע אָננעמען די פאָרם פון אַ געזעץ, ד. ה. איך זאָל דורך מיין מאַקסימע אַזאַ געזעץ געבען: יעדער מענש בעדאַרף פערלייקענען יענעם דעפּאָזיט, וואָס מ׳קען ניט אויפווייזען, אַז ער איז ביי איהם איינגעלייגט געוואָרען? און איך זעה גלייך איין, אַז אַזאַ פּרינציפּ אַלס אַ געזעץ, וועט זיך זעלבסט פערניכטען. אַ פּראַקטישען געזעץ, וועלכען איך אַנערקען אַלס אַזעלכען, מוז ער קענען אָנגענומען ווערען פאַר אַ אַלגעמיינעם געזעץ, דאָס איז אַ אידענטישער זאַץ און איז בכן פאַר זיך אַליין קלאָר. זאָג איך אָבער: מיין ווילען שטעהט אונטער אַ פּראַקטישען געזעץ, דאַן קען איך ניט אַריינפירען אַהער מיינע תשוקות (אין איצטיגען פאַל, למשל, מיין געלד־תאוה) אַלס אַ בעשטימונג־יסוד פאַר אַן׳אַלגעמיין פּראַקטישען געזעץ, ווייל אַזוי ווי די דאָזיגע

תשוקה איז זעהר ווייט פון דעם, דאָס זי זאָל טויגען פאַר אַנ־אַלגעמיינער געזעצגעבונג, מוז זי אין דער פאָרם פון אַ כלל־געזעץ נאָך גיכער זיך אַליין פערניכטען.

עמפּירישע (וואָס זענען זיך סומך ניט אויפ'ן פערשטאַנד, נאָר אויף דער ערפאַרונג) בעשטימונגס־יסודות טויגען ניט פאַר דער אויסערליכער געזעצגעבונג און עס טויג אויך ניט פאַר דער אינערליכער. דען איינער לעגט אַריין אין יסוד פון די נייגונגען זיין סוביעקט און דער צווייטער ווידער זיין סוביעקט און אפילו אין יעדען סוביעקט גופא האָט די בכורה דאָ די און דאָ אַ צווייטע נייגונג.

קאַנט ווייזט דאָ ווייטער אויף, אַז בלויז דער פערשטאַנד, דער פרייער ווילען פונ'ם מענשען, מיט'ן אינערליכען מאָראַ־לישען געזעץ, ווען דער פרייער ווילען גיט זיך פריייוויליג אונטער, קענען בעשטימען די אַלגעמיינע געזעצגעבונג, ד. ה. די פירונג פון מענשען אין לעבען, אָבער ניט די מאַטעריעלע ערפאַרונגען און געפיהלען פון הנאות און פערגעניגענס. דעם מענשען'ס אימפּולס צו פערגעניגענס קען ניט זיין דער פיה־רער פון לעבען, הגם עס איז אויך אַ געפיהל פון פערגעניגען גוטס צו טאָן. דאָס האָט אָבער קיין קיום נישט. ביי דעם זעלבען מענשען גופא קען היינט זיין דאָס געפיהל פון פער־געניגען צו גוטס און מאָרגען גאָר פערקערט. דאָס אַלגעמיינע געזעץ אין לעבען מוז שטאַמען פון מאָראַלישען געפיהל מיט'ן פערשטאַנד. דער אמת'ער בעל דעה איבער'ן מענשען איז בלויז דאָס מאָראַלישע געפיהל און יעדער מענש קען זיך און דאַרף זיך, צוליב'ן אמת'ן געשמאַק פון לעבען, בעפרייען פון די מאַטעריעלע געפיהלען און פאָלגען דעם דאָזיגען בעל דעה. ער זאָגט:

לאָמיר אָננעמען, אַז איינער פעררופט זיך אויף זיין יצר הרע'דיגע נייגונג, אַז ווען איהם קומט אונטער דער געליבטער געגענשטאַנד און די געלעגענהייט דערצו קען ער ניט ביי־שטעהן דעם נסיון. פרעגט איהר אָבער, צי אויך דאַן, ווען מ'זאָל אַוועקשטעלען אַ תליה פאַר'ן הויז, וואו ער טרעפט זיין

געלעגענהייט, כדי גלייך ווי ער וועט ערפילען זיין תאוה, זאָל מען איהם תיכף אויפהענגען, צי אויך דאַן וואָלט ער ניט גע־קאָנט פריהער מנצח זיין אין זיך די תאוה זיינע? מ׳דאַרף נישט לאַנג וואַרטען, וואָס פאַר אַ תשובה ער וועט געבען. פרעגט איהם אָבער, ווי וואָלט געווען, ווען זיין פירשט צווינגט איהם צו זאָגען פאַלש עדות געגען אַ עהרליכען מענשען, וועל־כען דער פירשט וויל דורך פאַלשע בלבולים אומברענגען, צי וואָלט ער אויך דאַן געקענט, ווי גרויס זיין ליבע צום לעבען זאָל ניט זיין, מנצח זיין אין זיך יעדע מחשבה פון ענטגע־גענשטעלען זיך? צי ער וואָלט די מחשבה אויסגעפירט למעשה און געלאָזט זיך ממית׳ן דערפאַר אָדער ניט, 'מעגליך, אַז ער אַליין וואָלט זיך זעלבסט ניט געטרויט, צו פערזיכערען דאָס, אָבער די מעגליכקייט דערפון מוז ער אָהן אַ קלער צולאָזען. אַלזאָ, ער אַנערקענט, אַז ער קען עפעס טאָן, צוליב דעם, וויי־ל ער אַנערקענט, אַז מ׳דאַרף עס טאָן. אַזוי אַרום אַנערקענט ער אין זיך פרייהייט, בחירה, וואָס אַנדערש, אָהן דעם מאָראַלי־שען געזעץ, וואָלט דאָס פאַר איהם געבליבען אונבעקאַנט.

SS 7

# דאָס גרונדגעזעץ פון דער ריינער פראַקטישער פערנונפט.

פיהר זיך אַזוי, אַז די מאַקסימע פון דיין ווילען זאָל אויך גלייך צו יעדער צייט קענען גילטיג זיין אַלס פרינציפּ פון אַן׳אַלגעמיינער געזעצגעבונג.

ריינע פערנונפט איז פיר זיך אַליין פראַקטיש און גיט (דעם מענשען) אַן׳אַלגעמיין געזעץ, וועלכען מיר רופען: אַ זיטליך געזעץ.

# אָנמערקונג.

דעם פריהער דערמאָנטען פאַקט איז ניט מדחה צו זיין. מ׳דאַרף נור אַנאַליזירען דעם בעגריף, וועלכען די מענשען מאַכען וועגען דער געזעצליכקייט פון זייערע מעשים, דאַן וועט מען זעהן, אַז וואָס עס זאָל ניט טענה׳ן די נייגונג — דער שכל איז דאָך אונבע׳שוחד׳ט, און דורך זיך אַליין געצוואונגען, גיט ער תמיד די מאַקסימע פון ווילען אין אַ געוויסער האַנדלונג אין אַ ריינער בחירה, ד. ה. אין זיך זעלבסט. דערביי בעטראַכט ער זיך אַלס אַפריאָרי (על פי שכל) פראַקטיש. דעם דאָזיגען פרינציפּ פון זיטליכקייט, נעמליך צוליב דער אַלגעמיינליכקייט פון דער געזעצגעבונג, וועלכע מאַכט זי פאַר דעם העכסטען פאָרמעלען בעשטימונגס־יסוד פון ווילען, ניט קוקענדיג אויף אַלע סוביעקטיווע חלוקים, ערקלערט דער שכל דאָך אַלס געזעץ פאַר אַלע פערנונפטיגע וועזענס, ווי ווייט זיי האָבען איבערהויפּט אַ ווילען ד. ה. ווי ווייט זיי זענען ביכולת צו בעשטימען זייער קויזאַליטעט דורך דער פאָרשטעלונג פון רעגעלען און ווי ווייט זיי זענען בכלל ביכולת צו האַנדלען לויט די גרונדזאַצען, אַלזאָ אויך לויט די פראַקטישע פרינציפּען אַפריאָרי (דען בלויז די דאָזיגע פרינציפּען האָבען די נויטווענדיגקייט, וועלכע די פערנונפט פאָדערט פון אַ גרונדזאַץ). עס גרעניצט זיך בכן נישט אָב בלויז אויף מענשען, נאָר עס געהט אויך אָן אויף אַלע ענדליכע וועזענס, וועלכע האָבען אַ שכל און אַ רצון און שליסט אפילו איין אויך דאָס אונענדליכע וועזען, אַלס די העכסטע אינטעליגענץ. אין ערשטען פאַל אָבער האָט דאָס געזעץ אַ פאָרם פון אַ אימפעראַטיוו (אַ צווי) ווייל הגם מ׳קען דאָרט, אמת, ביי דעם פערנונפטיגען וועזען, אָננעמען אַ ר י י נ ע ם ווילען, קאָן מען דאָך ניט ביי אַ וועזען, וואָס האָט בעדערפענישען און זינליכע תשוקות, אָננעמען אַ ה י י ל י ג ע ן ווילען, ד. ה. אַזעלכען, וועלכער וואָלט ניט פעהיג געווען צו מאַקסימען, וואָס זאָלען זיין אַ סתירה צום מאָראַלישען געזעץ. דאָס מאָראַלישע געזעץ איז דאַדורך ביי זיי אַ אימפעראַטיוו, וואָס בעפעהלט קאַטעגאָריש, ווייל דאָס געזעץ איז אונבעדינגט. די פערהעלטעניש פון

אַזאַ ווילן צום דאָזיגען געזעץ איז אָבהענגיגקייט, אונטער'ן נאָמען פערפליכטונג, וועלכע בעדייט געצוואונגענקייט צו אַ האַנדלונג, הגם בלויז דורך פערנונפט און זיין אָביעקטיווען געזעץ, וואָס הייסט דערום פליכט, ווייל פאַטאָלאָגיש אַרויסגערופענער (הגם דערמיט נאָך ניט בעשטימט און אַלזאָ תמיד נאָך פרייער) ווילקיר פירט מיט זיך אַריין אַ וואונש, וועלכער שטאַמט אַרויס פון סוביעקטיווע סבות און קען דאַדורך אָפט געגענווירקען דעם ריינעם אָביעקטיווען בעשטימונגס-יסוד. ער נויטיגט זיך אַלזאָ, ווי אין אַ מאָראַלישען דרוק, אין אַ ווידערשטאַנד פון דער פראַקטישער פערנונפט, וועלכען מ'קען אָנרופען אינערליכער אָבער אינטעלעקטועלער צוואַנג. אין דער אַלערגענוגענדער אינטעליגענץ שטעלט זיך די ווילקיר מיט רעכט פאָר אַלס אַזעלכע, וואָס איז צו קיין איין מאַקסימע ניט פעהיג, וועלכע זאָל צוגלייך אויך ניט קענען זיין אַ אָביעקטיוו געזעץ. און דער בעגריף פון הייליגקייט, וועלכער קומט איהר דורך דעם, שטעלט איהר אַוועק, הגם ניט העכער פון אַלע פראַקטישע, אָבער דאָך העכער פאַר אַלע פראַקטיש-בעשרענקטע געזעצען, אַלזאָ העכער פון התחיבות און פליכט. די דאָזיגע הייליגקייט פון ווילען איז פונדעסטוועגען אַ פראַקטישע אידעע, וועלכע מוז נויטווענדיג דינען פאַר אַ טיפוס. דערנעהנטערען זיך צום דאָזיגען טיפוס ביז דער אונענדליכקייט — דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס בלייבט פאַר אַלע ענדליכע וועזענס. זי ווייזט זיי תמיד ריכטיג דעם ריינעם זיטליכען געזעץ, וואָס איז שוין דעריבער אַליין הייליג. די איבערצייגונג אין דעם דאָזיגען אונענדליך געהענדען פראָגרעס פון מאַקסימען, אין דער אונענדליכקייט זיינער צום כסד'דיגען פאָרטשריט ד. ה. טוגענד, איז דאָס סאַמע העכסטע, וואָס עס קען טאָן אַ ענדליך פראַקטישע פערנונפט, וועלכע אַליין ווידער, אַלס אַ נאַטירליך ערוואָרבענער כוח, קען קיינמאָל ניט זיין פאָלקאָם פערענדיגט, ווייל די זיכערקייט איז אין אַזאַ פאַל קיינמאָל ניט קיין אַפּאָדיקטישע געוויסהייט און איז אַלס איבערצייגונג זעהר געפעהרליך.

# אין אַ אָנמערקונג.

עס וועט זיין אַנ׳אמת׳ער היפך צום פרינציפּ פון זיטליכ־קייט, אויב מ׳וועט מאַכען דעם פרינציפּ פון אייגען גליק פאַר אַ בעשטימונגס־יסוד פונ׳ם ווילען.

אויב דיינעם אַנ׳אַמאָליג בעליבטען און נאָהענטען פריינד וועט איינפאַלען צו בערעכטיגען זיך פאַר דיר איבער זיינס אַ פאַלש עדות־זאָגען און ער וועט טענה׳ן, אַז ער האָט קודם כל בעשיצט די היילינע פליכט פון אייגען גליק, נאַכהער וועט ער איבּעררעכענען די נוצען, וועלכע ער האָט בעקומען דורך דעם, וועט אויפווייזען די חכמה זיינע, ווי אַזוי ער האָט זיך בעוואָ־רענט געגען די בעווייזען פון זיין שולד, אפילו געגען דיר אַליין, וועמען ער ענטדעקט זיין געהיימניש, מחמת ער קען זיך צו יעדער צייט פון דעם אָבלייקענען, נאַכהער וועט ער דיר אנהויבען מיט דער גאַנצער ערנסטקייט צו פערזיכערען, אַז ער האָט ערפילט דעם הייליגען מענשליכען חוב, — דאַן, איז אָדער דו וועסט איהם אַריינלאַכען אין פנים אַריין, אָדער דו וועסט זיך פון אים אָפּקעהרען מיט עקעל, ווען דו וואָלסט אפילו באמת נישט געהאַט וואָס אָנצעווענדען געגען דעם, וואָס איינער שטעלט זיין גרונד־בעשטימונג בלויז אויף אייגען גליק.

די גרעניצען צווישען זיטליכקייט און זעלבּסטליבּע זענען אַזוי דייטליך און שאַרף, אַז אפילו דאָס געמיינסטע אויג וועט זיך ניט טועה זיין און וועט ריכטיג אונטערשיידען, וועלכעס גע־הערט צו דער זייט און וועלכעס צו יענער זייט.

די מאַקסימע פון זעלבסט־ליבּע (קלוגשאַפט) עצה׳ט בלויז, דאָס געזעץ פון זיטליכקייט גיט אַ געבאָט. עס איז אָבער אַ גרויסער חלוק צווישען דאָם, וואָס עס עצה׳ט זיך אונז בלויז און צווישען דעם, וואָס מיר זענען מחויב צו טאָן.

וואָס מ׳דאַרף טאָן לויט׳ן פרינציפּ פון ווילקיר׳ס אויטאָ־נאָמיע, דאָס קען דער סאַמע דורשניטליכסטער שכל לייכט און אָהן קלערענישען איינזעהן. וואָס מ׳דאַרף טאָן אונטער דער אָננעמונג פון זיין העטערנאָמיע, דאָס איז שווער און פאָדערט

וועלט־קענטעגישען, ד. ה. וואָס עס איז אַזוינ׳ס פליכט, דאָס איז יעדען פשוט פון זיך אַליין קלאָר, וואָס אָבער עס ברענגט אמת׳ע און דויערהאַפטע נוצען, ווען די נויט בעדאַרף זיך פערשפרייטען אויפ׳ן גאַנצען עקזיסטענץ, דאָס איז איינגעהילט אין אַ טיפער פינסטערניש און עס פאָדערט זיך אַ סך חכמה, אום די פראַקטיש דערויף בעשטימטע רעגעלן, דורך געשיקטע אויסנאַמען, צוצופאַסען כאָטש טיילווייז אויף די צוועקען פון לעבען, און דאָך בעפעהלט דאָס זיטליכע געזעץ דעם סאַמע פינקטליכ־סטען מקים זיין. דער אורטייל וועגען דעם, וואָס עס בעדאַרף דער מענש לויט׳ן דאָזיגען געזעץ טאָן, מוז מן הסתם ניט זיין אַזוי שווער, אַז עס זאָל נישט קענען דער סאַמע דורכשניט־ליכסטער און אונפראַקטישסטער שכל זיך אַ עצה געבען מיט איהם אפילו אָהן לעבענסקענטעגישען.

מקים צו זיין דעם קאַטעגאָרישען געבאָט פון זיטליכקייט איז תמיד אין יעדענס מאַכט, מקים צו זיין דעם עמפירישבע־דינגטען פאָרשריפט פון גליק — גיט זיך איין זעלטען און איז ווייט ניט מעגליך, אפילו אין פערהעלטניש צו אַ וועלכען־ניט־איז איינציגען פונקט. די סבה פון דעם איז דאָס, וואָס אין ערשטען פאַל, ביי דער זיטליכקייט, געהט די זאַך בלויז וועגען אַ מאַקסימע, וועלכע מוז זיין עכט און ריין, ביי דעם לעצ־טען אָבער, ביי די עמפירישע (נישט גייסטיגע) געהט אויסער דעם אויך וועגען די כחות און וועגען דער פיזישער פעהיג־קייט, כדי צו פערווירקליכען דעם בעגעהרטען געגענשטאַנד. אַזאַ געבאָט, אַז יעדער זאָל זוכען זיך גליקליך צו מאַכען, וואָלט געווען נאַריש, דען מ׳געבאָט ניט יענעם דאָס, וואָס ער וויל עס אונפערמיידליך אַליין. אָבער פאַר וואָס די זיטליכקייט גיט אַ געבאָט אונטער דעם נאָמען פליכט, איז גאַנץ פערנונפ־טיג, דען יעדער וויל ניט גלייך זיך אונטערגעבען איהרע פאָרשריפטען, ווען זיי ווידערשפרעכען די תשוקות (מוז הייסט עס די זיטליכקייט דעריבער שטרענג בעפעהלען. איבערז.) און וואָס איז שייך צו די מיטלען, ווי אַזוי מ׳קען מקים זיין דעם דאָזיגען געבאָט, איז דאָס בעדאַרף מען זיך אפילו גאָרנישט

לערנען, דען דאָס, וואָס מ׳וויל אין דער הינזיכט טאָן איז מען אויך ביכולת צו טאָן.

ווער עס האָט פערלאָרען אין שפּילען, קאָן זיך באַטירליך, כּעס׳ן אויף זיך און אויף זיין אונגעשיקטקייט, אָבער דער, ווער ס׳איז זיך אַליין מודה, אַז ער האָט אָבגעבאַרט אין שפּילען, הגם דאַדורך האָט ער געוואונען, דער דאָזיגער מוז זיך פעראַכטען, ווען ער פערגלייכט זיך מיט׳ן זיטליכען געזעץ. דאָס דאָזיגע מוז דאָך אַלזאָ עפּעס אַנדערש זיין, אָבער ניט דער פּרינציפּ פון אייגען גליק. דען אום זיך אַליין צו מוזען זאָגען: איך בין אַ מענש אַ אונווירדיגער, הגם איך האָב טאַקי מיין טייסטער אָנגעפילט, מוז מען דאָך אורטיילען לויט אַנ׳אַנדער מאַסשטאַב, איידער צו געבען זיך אַ שבח און זאָגען: איך בין אַ מענש אַ חכם, ווייל איך האָב רייך געמאַכט מיין קאַסע.

## דער בעגריף וועגען געגענשטאַנד פון דער ריינער פּראַקטישער פערנונפט.

אונטער׳ן בעגריף וועגען געגענשטאַנד פון פּראַקטישען פערנונפט פערשטעה איך די פאָרשטעלונג פון אַנ׳אָביעקט אַלס אַ מעגליכע ווירקונג דורך פרייהייט (בחירה). צו זיין אַ געגענשטאַנד פון דער פּראַקטישער פערנונפט אַלס אַזעלכער, בעדייט בכן נור יענע בעציהונג פון ווילען אויף דער האַנדלונג, דורך וועלכע דער דאָזיגער געגענשטאַנד אָדער זיין היפּך זענען ווירקליך געמאַכט געוואָרען. די בעאורטיילונג וועגען דעם, אויב עפּעס איז אַ געגענשטאַנד פון ריינעם פּראַקטישען שכל אָדער ניט, דאָס איז בלויז מאַכען דעם חלוק וועגען דער מעגליכקייט אָדער אונמעגליכקייט צו ווע־לען די דאָזיגע האַנדלונג, דורך וועלכער, ווען מיר האָבען דערצו די יכולת (וועגען וואָס די ערפאַהרונג מוז אורטיילען), וואָלט אַ געוויסער געגענשטאַנד געוואָרען אַ ווירקליכקייט. ווען דער אָביעקט ווערט אָנגענומען אַלס בעשטימונגס־יסוד פון

אונזער יכולת צו בעגעהרען, דאַן מוז די פיזישע מעג-
ליכקייט זיינע, דורך דעם פרייען געברויך פון אונזערע
כוחות, געהן פריהער פאַר דער בעאורטיילונג איבער דעם, צי
איז דאָס אַ געגענשטאַנד פון פראַקטישען שכל, צי ניט. ווען
אָבער מ׳קען דאָס געזעץ בעטראַכטען אַפּריאָרי (גייסטיג קוקענ-
דיג), אַלס אַ בעשטימונגס-יסוד פון דער האַנדלונג, און די
דאָזיגע האַנדלונג, אַלס אַ בעשטימטע דורך דעם ריינעם פראַקטי-
שען פערנונפט, דאַן איז די בעאורטיילונג איבער דעם, צי איז עס
אַ געגענשטאַנד פון ריינעם פראַקטישען שכל, אָדער ניט, לגמרי ניט
אָבהענגיג פון דער פערגלייכונג מיט אונזער פיזישער יכולת. דאַן
בעשטעהט די פראַגע בלויז אין דעם, צי וואָלטען מיר געוואָלט
אַזאַ האַנדלונג, וועלכע וואָלט געווען געריכטעט אויף דער עקזיס-
טענץ פון אָביעקט, ווען דאָס זאָל זיין אין אונזער מאַכט. אַל-
זאָ, דאָ מוז די מאָראַלישע מעגליכקייט פאָרגעהן פאַר
דער האַנדלונג, דען דאָ איז איהר בעשטימונגס-יסוד נישט דער
געגענשטאַנד, נאָר דאָס געזעץ פונ׳ם ווילען.

די איינציגע אָביעקטען פון פראַקטישען שכל זענען בכן די
אָביעקטען פון גוטען און שלעכטען, דען דורך דאָס ערשטע
פערשטעהט מען אַ נויטווענדיגען געגענשטאַנד פון בעגעהרען, דורך
דאָס צווייטע — דעם כוח פון פער׳מיאוס׳ן, ביידע אָבער לויט׳ן
פּרינציפּ פון פערנונפט.

ווען דער בעגריף פון גוטען קומט ניט אַרויס פון אַ
פאַר-איהם פאָראויסגעהענדען פראַקטישען געזעץ, נאָר ער בע-
דאַרף גאָר איהם דינען פאַר אַ יסוד, דאַן קען נאָר ער זיין
דער בעגריף פון עפּעס, וואָס זיין עקזיסטענץ זאָגט-צו צופרי-
דענהייט, און בלויז אַזוי בעשטימט ער די קויזאַליטעט פון
סוביעקט, ד. ה. די פעהיגקייט פון דעם בעגעהר צו פערוויר-
קליכען דאָס דאָזיגע גוטע. אָבער ווייל עס איז אונמעגליך
אַפּריאָרי איינצוזעהן, וועלכע פאָרשטעלונג עס וועט זיין מיט
צופרידענהייט און וועלכע, פערקערט, מיט אונצופרי-
דענהייט, וואָלט אויסגעקומען דער ערפאַהרונג צו בעשיידען,
וואָס איז אונמיטעלבאַר גוט און וואָס איז אונמיטעלבאַר שלעכט.
די אייגענשאַפט פון סוביעקט, וואָס נאָר בנוגע צו איהם אַליין

קאָן מען מאַכען די ערפאַרונג, איז דאָס געפיהל פון צופרידענהייט און אונצופרידענהייט אַלס אַ עמפינדונג, וואָס געהער צו דעם אינערליכען חוש. אַזוי אַרום וואָלט דער בעגריף פון דעם, וואָס עס איז אונמיטעלבאַר גוט, זיך בעצויגען בלויז אויף דעם אַליין, מיט וואָס עס איז אונמיטעלבאַר פערבונדען די עמפינדונג פון צופרידענהייט און דער בעגריף פון שלעכטען־בייזען אויף דעם, וואָס ערועגט אונמיטעלבאַר שמערץ. ווייל אָבער דאָס איז שוין סותר דער פּראַקטיק פון אונזער שפּראַך, וועלכע בעצייכענט דעם חלוק פון דאָס אָנגענעהמע פונ׳ם גוטען און דאָס אונאַנגענעהמע פונ׳ם שלעכטען און פערלאַנגט, אַז דאָס גוטע און שלעכטע זאָל תמיד בעאורטיילט ווערען דורכ׳ן שכל הישר, אַלזאָ דורך בעגריפען, וועלכע לאָזען זיך אַלעמען מיטטיילען, אָבער ניט דורך דער בלויזער עמפפינדונג, וועלכע בעשרענקט זיך אויף איינצעלנע אָביעקטען און דער עמפפינדליכקייט צו זיי, פון דער צווייטער זייט ווידער קען ניט אונמיטעלבאַר צופרידענהייט אָדער אונצופרידענהייט זיין פערבונדען אַפּריאָרי מיט קיין פאָרשטעלונג וועגען אָביעקט, וואָלט אַלזאָ יענער פילאָזאָף, וועלכער האַלט זיך געצוואונגען צו לעגען אינ׳ם יסוד פון זיין פּראַקטישער בעאורטיילונג דעם געפיהל פון צופרידענהייט, בעדאַרפט רופען גוטס דאָס, וואָס איז אַ מיטעל אויף צו דערגרייכען אנגענעהמליכקייט און שלעכטס דאָס, וואָס דינט אַלס סבה פון אונאַנגענעמליכקייט און שמערץ. אָבער די בעאורטיילונג וועגען דער שיכות פון די מיטלען צו די צוועקען געהערט אָהן שום ספק צום שכל. נאָר הגם בלויז די פערנונפט איז ביכולת איינצוזעהן די פערבינדונג פון די מיטלען מיט זייער׳ע צוועקען (אַזוי אַז אויך דעם ווילען וואָלט מען געקענט בעשטימען אַלס אַ כוח פון די צוועקען, ווייל די דאָזיגע צוועקען דינען תמיד אַלס בעשטימונגס־יסודות פון דעם כוח פון בעגעהר לויט פּרינציפּען) וואָלטען דאָך די פּראַקטישע מאַקסימען, וועלכע וואָלטען אַרויסגעקומען פון דעם אויבען דערמאָנטען בעגריף וועגען גוטס, בלויז ווי וועגען אַ מיטעל, ניט

ענטהאַלטען אין זיך אַליין קיין שום גוטס, נאָר ותמיד בלויז גוטס פאַר עפּעס־עס־איז אין דער פערהעלטעניש צום געגענשטאַנד פון ווילען. דאָס גוטע וואָלט תמיד געווען בלויז דאָס נוצליכע און דאָס, צו וואָס עס נוצט, וואָלט שטענדיג בעדאַרפט ליגען אויסער'ן ווילען, אין דער עמפּפינדונג. און ווען זי, אַלס אַנ'אנגענעהמע עמפּפינדונג, וואָלט געמוזט זיך אונטערשיידען פון בעגריף גוטס, דאַן וואָלט בכלל אין ערגעץ נישט געווען קיין שום אונמיטעלבאַר גוטס. דאָס גוטע וואָלט אויסגעקומען צו זוכען אין די מיטלען צו עטוואס אַנדערעס, נעמליך, צו וואָס־עס־איז אַ אַנגענעהמעס.

גוט (וואָהל) אָדער שלעכט (איבעל) בעדייט תמיד בלויז די פערהעלטעניש צו אונזער צושטאַנד פון דער אַנגענעהמליכקייט אָדער אונאַנגענעהמליכקייט, פון פערגעניגען און שמערץ. און דערום, ווען מיר בעגעהרען אָדער פערעקלען אַנ'אָביעקט, געשיהט עס נור אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָס בעציהט זיך אויף אונזער חוש און ווי וויית דאָס בערירט אונזער געפיהל פון צופרידענהייט אָדער אונצופרידענהייט. דאָס גוטע (טוב) אָדער דאָס שלעכטע (רע) בעדייט תמיד די בעציהונג אויף דעם רצון, ווילען, ווי וויית ער ווערט שטענדיג דורכ'ן געזעץ פון פערנונפט בעשטימט צו מאַכען זיך עפּעס פאַר זיין אָביעקט. ער בעשטימט זיך דאַן קיינמאָל ניט אונמיטעלבאַר מיט זיין אָביעקט אָדער מיט זיין פאָרשטעלונג, נאָר ער איז אַ כוח צו מאַכען דעם געבאָט פון שכל פאַר דער סבה פון דער השפעה אויף מעשים (דורך וועלכע אַנ'אָביעקט קען ווערען ווירקליך). דאָס גוטע אָדער שלעכטע בעציהט זיך אַלזאָ אייגענטליך צו מעשים און ניט אויף דעם עמפּפינדונגס־צושטאַנד פון דער פערזאָן, און זאָל עטוואָס זיין אויף אַלע אופנים גוט אָדער שלעכט (אין אַלע הינזיכטען און אָהן שום בעדינגונג), קען עס זיך אַזוי רופען בלויז דער אופן אויספיהרונג פון דער זאַך, בכן די אויספירענדע פערזאָן זעלבסט: אַ גוטער אָדער אַ שלעכטער מענש, — אָבער ניט די זאַך.

מ׳קען זיך, געוועהנליך, אָפּלאַכען פון דעם סטאָיקער, וועלכער בשעת זיינע שטאַרקסטע רעוומאַטישע וועהטאָגען, שרייט ער אויס: „שמערץ, דו מעגסט מיך נאָך מעהר מאַטער׳ן, אָבער איך וועל קיינמאָל ניט מודה זיין, אַז דו ביזט אַ שלעכטס". נאַר רעכט האָט ער פאָרט. אַ צרה איז עס טאַקי, דאָס פיהלט ער און דאָס זאָגט אויס זיין געשריי, אָבער ער האָט ניט קיין סבה אָנצונעהמען, אַז אויף איהם גופא איז ענטשטאַנען עפּעס אַ שלעכטס, דען דאָס שלעכטס פערקלענערט ניט אויף קיין האָר די חשיבות פון זיין פערזאָן, נאָר דערנידערט בלויז זיין צושטאַנד. איין איינציגען שקר, וועלכען ער וואָלט אין זיך געפיהלט, וואָלט זיין מוט דערשלאָגען, אָבער דער שמערץ דינט בלויז פאַר אַ סבה איהם צו דערהויבען, ווען ער פיהלט זיך נור, אַז ער האָט זיך ניט בעשולדיגט מיט קיין שום שלעכטען טאַט, דורך וועלכען ער זאָל ווערט זיין געשטראָפט צו ווערן.

עס איז קיין ספק נישט, אַז אין דער בעאורטיילונג פון אונזער פּראַקטישען שכל איז גאָר אַ סך קומט אויס אויף אונזער וואָהל און וועה, און אויף וויפיל דאָס איז נוגע אונזער נאַטור, אַלס אַ חושים׳דיג וועזען, איז עס אינגאַנצען אָנבע־לאַנגט אויף אונזער גליקזעליגקייט, ווען זי ווערט נור בע־אורטיילט ווי די פערנונפט עס אַמשטאַרקסטען, ניט לויט דער פאָראיבערגעהענדער עמפּפינדונג, נאָר נאָך דעם איינפלוס, וואָס די דאָזיגע צופעליגקייט האָט אויף אונזער גאַנצער עק־זיסטענץ און אויף די צופרידענהייט דערמיט, אָבער ניט אַלץ איבערהויפּט אָנבעלאַנגט דערויף. דער מענש — דאָס איז אַ בעדערפניש וועזען, כל זמן ער געהערט צום עולם החושים און כל זמן די חומר׳שע נאַטור לעגט אויף איהם כסדר אַרויף דעם חוב צו בעזאָרגען זיך וועגען איהרע אינטערעסען און צו מאַכען זיך פּראַקטישע מאַקסימען מכון צו זיין איהר גליק־זעליגקייט, ער איז דאָך אָבער ניט אויף אַזאַ מדרגה היה, דאָס ער זאָל גלייכגילטיג זיין צו אַלץ, וואָס דער שכל הישר זאָגט און פאַר זיך זעלבסט זאָגט און צו בענוצען זיך מיט׳ן

שכל בלויז ווי מיט אַ ווערקצייג אויף צו בעפרידיגען זיינע בעדערפנישען, אַלס אַ חושימ'דיג וועזען. איבער דעם ווערט פון די בלויזע טירהייט דערהויבט דעם מענשען לגמרי נישט דאָס, וואָס ער פערמאָגט אַ שכל, אויב דער דאָזיגער שכל בעדאַרף איהם דינען בלויז צו דעם, וואָס ביי די חיות דערגרייכט זיך עס מיט'ן אינסטינקט. דעמאָלסט וואָלט דער שכל אויסגעקומען בלויז אַזאַ בעזונדער מאַניער, מיט וועלכען די נאַטור בענוצט זיך, כדי צו בעוואָפנען דעם מענשען צו די זעלבע צוועקען, צו וועלכע זי האָט בעשטימט די חיה, ניט בעשטימענדיג דעם מענשען צו עפּעס אַ העכערן צוועק. ער בעדאַרף, אמת, לויט דער איינריכטונג פון דער נאַטור, דעם שכל דערצו, כדי תמיד צו האָבען אין זינען זיין וואָהל און וועה, ער האָט אָבער, אויסער דעם, נאָך אַ צווייטען, העכערן בערוף, און נעמליך צו דעם, וואָס איז גוט אָדער שלעכט אין זיך און וועגען וועלכעס עס קען אורטיילען בלויז אַליין דער ריינער, זינליך דאָ נישט פאַראינטערעסירטער שכל און ניט בלויז צוליב דעם, כדי צו נעהמען עס אונטער זיין איבערלייגונג, נאָר אויך צוליב דעם, כדי די דאָזיגע בעאורטיילונג צו אונטערשיידען לגמרי פון דער ערשטער און מאַכען איהר פאַר דער העכערער בעדינגונג.

## וועגען די התעוררות (טריבפעדערן) פון ריינער פראקטישע פערנונפט.

דער עצם פון יעדען זיטליכען ווערט פון די מעשים בעשטעהט אין דעם, וואָס דאָס מאָראַלישע געזעץ בעשטימט אונמיטעלבאַר דעם רצון, ווען אָבער די בעשטימונג פונ'ם ווילען געשיהט, הגם טאַקי ענטשפּרעכענד דעם מאָראַלישען געזעץ, נאָר ס'קומט אַרויס דורך אַ געפיהל, (וואָס פאַר אַנ'אַרט עס זאָל ניט זיין דער דאָזיגער געפיהל), וועלכען מ'דאַרף משער זיין, אַז ער איז אַ געוויסער יסוד

אויף צו בעשטימען דעם ווילען, אָבער אַלזאָ ניט צוליב׳ן געזעצ׳ס ווילען, דאַן וועט די האַנדלונג ענטהאַלטען אין זיך הגם לעגאַליטעט אָבער ניט מאָראַליטעט — ווען אַלזאָ אונטער התעוררות פערשטעהט מען דאָס סוביעקטיווע בעשטימונגס־יסוד פונ׳ם ווילען פון אַ וועזען, וועמענס פערנונפט איז נישט שוין צוליב׳ן שטאַנד אַליין פון זיין נאַטור צוגע־פּאַסט צום אָביעקטיווען געזעץ, איז פון דעם קודם געדרונגען, אַז דעם געטליכען רצון קען מען ניט צושרייבען וועלכע־עס־איז התעוררות און די התעוררות פון מענשליכען ווילען קען קיינמאָל ניט זיין פון עטוואָס אַנדערש, אויסער פונ׳ם מאָראַ־לישען געזעץ. אַלזאָ, דער אָביעקטיווער בעשטימונגס־יסוד מוז תמיד און דורכאויס — צוגלייך זיין אויך דער סוב־יעקטיווער גענוגענדער בעשטימונגס־יסוד פון דער האַנדלונג, ווען די דאָזיגע האַנדלונג בעדאַרף מקיים זיין ניט די לי־טערע פון געזעץ, נאָר פערווירקליכען אין זיך אויך זיין גייסט *).

אַזוי ווי אַלזאָ אין די אינטערעסען פון מאָראַלישען געזעץ און כדי גורם צו זיין איהם אַ השפעה אויפ׳ן ווילען, טאָר מען ניט זוכען קיין שום אַנדערע התעוררות, ביי וועלכער מ׳זאָל זיך קענען בעגעהן אָהן דער מאָראַלישער התעוררות, ווייל דאָס אַלץ וואָלט אָנגעמאַכט בלויז צביעות, ס׳וואָלט נישט געהאַט קיין קיום און עס וואָלט אפילו געווען ריזיקאַליש צוצולאָזען נעבען מאָראַלישען געזעץ אויך אַנדערע התעוררות (ווי די התעוררות פון נוצען) — דאַן בלייבט אונז גאָרנישט ניט איבער, ווי בלויז פּינקטליך צו בעשטימען, ווי אַרומעט אָט דער מאָראַלישער געזעץ קען ווערן אַ התעוררות, און, אויב ער קען דאָס זיין, וואָס קומט דאַן פאָר אין דער מענש־ליכער בעגעהרונגס־קראַפט, אַלס ווירקונג אויף איהר פונ׳ם דאָזיגען בעשטימונגס־יסוד. ווי אַזוי אַ געזעץ פאַר זיך און אונ־

*) מ׳קען פון יעדער געזעצמעסיגער האַנדלונג, וועלכע איז דאָך ניט געשעהן צוליב דעם געזעצ׳ס ווילען, זאָגען, אַז דאָס איז אַ מאָראַליש גוטער טאַט לויט דער ליטערע, אָבער ניט לויט׳ן גייסט.

מיטעלבאַר קען זיין דער בעשטימונגס־יסוד פונ׳ם ווילען (וועל־כער איז דאָך דער עצם פון יעדער מאָראַליטעט) — דאָס איז אַ פראָבלעם, וועלכען דער מענשליכער שכל קען נישט אויפ־לעזען און איז עהנליך מיט יענעם פראָבלעם, ווי אַזוי עס איז מעגליך אַ פרייער ווילען. מיר דאַרפען אַלזאָ אַפּריאָרי אויפווייזען ניט אויפ׳ן מקור, פון וואַנען דער מאָראַלישער געזעץ בעקומט אין זיך דעם כוח ההתעוררות, נאָר דאָס, ווי וויט אַזאַ התעוררות ווירקט (בעסער צו זאָגען, איז מחויב צו ווירקען) אויפ׳ן גייסט.

דער עצם פון יעדער בעשטימונג פונ׳ם ווילען דורכ׳ן זיטליכען געזעץ בעשטעהט אין דעם, וואָס ער, אַלס פרייער ווילען, ווערט בעשטימט בלויז דורך געזעץ. עס הייסט בכן, ניט בלויז אָהן די מיטווירקונגען פון די זינליכע תשוקות, נאָר זאָגאַר מיט דער אויסשליסונג פון יעדע זינליכקייט און מיט דער אָבזאָגונג זיך פון אַלע תשוקות, אויף וויפיל זיי וואָלטען געקענט שטערן דעם דאָזיגען געזעץ. אין דער הינ־זיכט איז אַלזאָ די ווירקונג פונ׳ם מאָראַלישען געזעץ, אַלס אַ התעוררות, בלויז אַ נעגאַטיווע און, אַלס אַזעלכע, קען די דאָזיגע התעוררות אָנערקענט ווערן אַפּריאָרי.

יעדע תשוקה און יעדע זינליכע התעוררות איז בלויז געגרינדעט אויף געפיהל און די נעגאַטיווע ווירקונג אויף דעם געפיהל (דורך בעזייטיגען די תשוקות) איז זעלבסט געפיהל. מיר קענען בכן אַפּריאָרי, איינזעהן, אַז דאָס מאָראַלישע גע־זעץ, אַלס דער בעשטימונגס־יסוד פונ׳ם ווילען, איז דאַדורך, וואָס ער בעזייטיגט אַלע אונזערע נייגונגען, בעדאַרף ער אַרויסרופען אַ געפיהל, וועלכען מ׳קען אָנרופען שמערץ. דאָ האָבען מיר דעם ערשטען, פילייכט אויך דעם איינציגען פאַל, ווען מיר קענען פון בעגריפען אַפּריאָרי בעשטימען דאָס פער־העלטניס פון ערקענטניס (דאָ איז די ערקענטניס פון ריינעם פּראַקטישען פערנונפט) צום געפיהל פון צופרידענהייט און אומ־צופרידענהייט. אַלע נייגונגען צוזאַמען (וועלכע מ׳וואָלט אויך געקענט אין אַ אָנזעהענדען סיסטעם אַריינברענגען און די

בעפרידיגונג פון וועלכע וואָלט דאַן געהייסען אייגענע גליקזעליגקייט) מאַכען אויס דעם עגאָאיזם. דאָס דאָזיגע איז אָדער *עגאָאיזם פון זעלבסט־ליבע* ד. ה. געשטעלט העכער פון אַלץ די טובות בנוגע זיך זעלבסט אָדער עגאָאיזם פון געפעלען זיך אַליין. דאָס ערשטע הייסט *אייגענליבע*, די צווייטע *האַלטען פון זיך*. די ריינע פּראַקטישע פערנונפט *פערהאַמעוועט* די דאָזיגע *זעלבסט־ליבע*, ווייל אָט דעם געפיהל, אַלס אַ נאַטירליכען און ווירקענדען אין אונז נאָך פאַר דעם מאָראַלישען געזעץ, בעשרענקט איהם די פערנונפט אויף דער בעדינגונג איינצושטימען מיט אָט דעם געזעץ. דאַן ווען די פערנונפט שטימט מיט איהם איין קען זי הייסען *פערנונפטיגע זעלבסט־ליבע*. אָבער דאָס פערבלענדטע האַלטען פון זיך *צושלאָגט* זי לגמרי, דען אַלע פּרעטענזיעס אויף זעלבסט־שעצונג, וועלכע קומען פריהער פאר דער איינשטימונג מיט'ן זיטליכען געזעץ, זענען נישטיג און האָבען פאַר זיך ניט קיין שום רעכט. נעמליך דאַדורך, וואָס די געוויסהייט פון אַ דענקונגס אַרט, וועלכע שטימט איין מיט אָט דעם געזעץ, איז די ערשטע בעדינגונג פון יעדער חשיבות פון דער פערזאָן (ווי מיר וועלען עס ווייטער ערקלעהרען) און ביז צום דאָזיגען געזעץ זענען עהנליכע פּרעטענזיעס פאַלש און גענצליך היפּך'דיג. די נייגונגען צו זעלבסט־שעצונג געהערען, אַלזאָ, צו יענע נייגונגען, וועלכע עס בעזייטיגט דער מאָראַלישער געזעץ, ווי ווייט ער שטיצט זיך אויף זיטליכקייט. בכן קומט אויס, אַז דער מאָראַלישער געזעץ, צושלאָגט די זעלבסט־האַלטונג־פון־זיך. אָבער אַזוי ווי דער דאָזיגער געזעץ האָט דאָך עטוואָס אין זיך פּאָזיטיוועס, נעמליך די פאָרם פון אינטעלעקטועלען קויזאַליטעט ד. ה. פרייהייט, דערום, צוליב דעם, וואָס ער, אין געגענזאַץ פון זיין אָביעקטיווען קאָנטראַסט, ד. ה. די נייגונגען אין אונז, שוואַכט אָב די האַלטונג־פון־זיך, ווערט ער צוגלייך אַ געגענשטאַנד פון אַכטונג. היינט אַזוי ווי ער פערניכטעט אפילו די דאָזיגע פון־זיך־האַלטונג, ד. ה. ער ערנידעריגט זי, איז עס שוין אַ געגענשטאַנד פון גרעסטער אַכטונג. בכן, אויך אַ יסוד פון פּאָזיטיוון געפיהל.

װעלכער איז אַ ניט עמפּירישע אָבשטאַמונג און װערט אַנערקענט אַפּריאָרי. אַלזאָ, איז אַכטונג פאַר דעם מאָראַלישען געזעץ אַ געפיהל, װעלכער װערט געװירקט דורך אַ אינטעלעקטועלען יסוד. דאָס דאָזיגע געפיהל איז דאָס איינציגע, װעלכעס מיר אַנערקענען לגמרי אַפּריאָרי און װעמענס נויטװענדיגקייט מיר קענען איינזעהן.

אין דער פריהערדיגער אָבטיילונג האָבען מיר געזעהן, אַז אַלץ, װאָס קומט אַרויס, אַלס אַן'אָביעקט פון'ם װילען, פאַר דעם מאָראַלישען געזעץ, װערט אויסגעשלאָסען פון דעם בעשטימונגס-יסוד פון װילען, אונטער'ן נאָמען אונבעדינגט-גוטע, דורך אָט דעם געזעץ זעלבסט, אַלס דעם העכסטען בעדינג פון פּראַקטישער פערנונפט, און אַז בלויז די פּראַקטישע פאָרם, װעלכע בעשטעהט אין דער טויגליכקייט פון דער מאַקסימע פאַר אַן'אַלגעמיינע געזעצגעבונג, בעשטימט צום ערשטען דאָס, װאָס איז אין זיך אמת גוט און גרינדעט די מאַקסימע פון ריינעם װילען, װעלכער בלויז ער אַליין איז אין אַלע פערהעלטניסען גוט. אָבער מיר געפינען אונזער נאַטור, אַלס חומר'שער װעזען אַזוי בעשאַפען, דאָס די מאַטעריע פון די בעגעהרונגס-כוחות (געגענשטאַנדען פון נייגונגען, זאָל עס זיין האָפנונג אָדער שרעק) טשעפּען זיך אונז פריהער פון אַלעם אָן און שטרעבען פריהער פון אַלעם גילטיג צו מאַכען די פּרעטענזיעס פון אונזער פּאַטאָלאָגיש בעשטימבאַרעס *זעלבסט*, אַלס די ערשטע און ראשית'דיגע, אַזוי װי כלומר'שט אונזער *זעלבסט* איז דער גאַנצער עיקר, הגם אין זיינע מאַקסימען איז ער לגמרי אונטויגליך פאַר דער אַלגעמיינער געזעצגעבונג. אָט די נייגונג: מאַכען זיך זעלבסט לויט דעם בעשטימונגס-יסוד פון װילקיר פאַר דעם בעשטימונגס-יסוד פון װילען בכלל, די דאָזיגע נייגונג קען מען אָנרופען *זעלבסט-ליבע*, װעלכע, װען זי מאַכט זיך געזעצגעבענד און פאַר אַן'אונבעדינגט פּראַקטישען פּרינציפּ, קען עס הייסען *פערבלענדטער האַלטען-פון-זיך*. דער מאָראַלישער געזעץ, װעלכער איז אַליין בלויז אמת'דיג (נעמליך אין אַלע הינזיכטען) אָביעקטיװ, שליסט ער לגמרי אויס דעם איינפלוס פון זעלבסט-ליבע אויפ'ן העכסטען

פראַקטישען פרינציפּ און בעזייטיגט ביז גאָר די פערבלענדטע פון-זיך-האַלטונג, וועלכע הייסט מאַכען די סוביעקטיווע בעדינגונגען פון דער ערשטער אַלס געזעצען, און דאָס, וואָס בעזייטיגט אפילו אין אונזער אייגענעם אורטייל אונזער האַלטען-פון-זיך, מאַכט עס אונז שפל'דיג. אַלזאָ, דער מאָראַלישער געזעץ דערנידערט יעדען מענשען, ווען ער פערגלייכט אָט דעם געזעץ מיט די חושים'דיגע נייגונגען פון זיין נאַטור, דאָס יעניגע, פון וועלכער פאָרשטעלונג אַלס בעשטימונגס-יסוד פון אונזער ווילען, מאַכט אונז אין אונזער בעוואוסטזיין שפל'דיג, דערוועקט פאַר זיך אַכטונג, ווי ווייט זי איז פּאָזיטיוו און איז בעשטימונגס-יסוד. אַלזאָ, איז דאָס מאָראַלישע געזעץ אויך סוביעקטיוו אַ יסוד פון אַכטונג. אַזוי ווי אָבער אַלץ, וואָס עס איז שייך אין זעלבסט-ליבע געהערט בלויז צו נייגונג, יעדע נייגונג ווידער שטיצט זיך אויף געפיהלען, מחמת דעם איז דאָס, וואָס בעזייטיגט אין זעלבסט-ליבע אלע נייגונגען צוזאַמען, האָט דאַדורך טאַקי נויטווענדיג אַנ'איינפלוס אויפ'ן געפיהל, דאַן בעגרייפען מיר, ווי אַזוי עס איז מעגליך אַ פּריאָרי איינצוזעהן, אַז דאָס מאָראַלישע געזעץ קען אויסאיבען אַ ווירקונג אויפ'ן געפיהל, וועלכע איז פון איין זייט בלויז נעגאַטיוו, פון דער צווייטער זייט אָבער, אין שיכות צום איינשרענקענדען יסוד פון ריינער פראַקטישען פערנונפט, פּאָזיטיוו און דערום דאַרף מען נישט אָננעמען קיין שום בעזונדער אַרט געפיהל אונטער'ן נאָמען פראַקטישען אָדער מאָראַלישען, אַלס אַ פריהער פערגעהענדער דעם מאָראַלישען געזעץ, אָדער, אַז עפּעס אַ געפיהל ליגט אין זיין יסוד.

דער מאָראַלישער געזעץ איז, אַלזאָ, דער פאָרמעלער יסוד פון דער בעשטימונג פון דער האַנדלונג דורך דער פראַקטישער ריינער פערנונפט און דער דאָזיגער, הגם מאַטעריעלער, אָבער בלויז אָביעקטיווער בעשטימונגס-יסוד פון די געגענשטאַנדען פון דער האַנדלונג, אונטער'ן נאָמען גוטס און שלעכטעס, איז בכן צוגלייך אויך סוביעקטיווער בעשטימונגס-יסוד, ד. ה. די התעוררות צו דער דאָזיגער האַנדלונג.

מחמת ער האָט אַן׳איינפלוס אויף דער זיטליכקייט פון סוביעקט און איז מעורר אַ געפיהל, וועלכעס העלפט מיט דעם איינפלוס פון געזעץ אויפ׳ן ווילען, דאָ געהט נישט אין סוביעקט פאָראויס קיין שום געפיהל, וועלכער זאָל פאָרגרייטען מאָראַליטעט. דאָס וואָלט געווען אונמעגליך, ווייל יעדעס געפיהל געהערט צו זינליכקייט, די התעוררות אָבער פון זיטליכער אַרט דענקען מוז זיין פריי פון יעדע זינליכע בעדינגונג. הגם אָט דאָס געפיהל אויפ׳ן זינליכען באָדען, וועלכער ליגט אינ׳ם יסוד פון אַלע אונזערע נייגונגען, איז אייגענטליך די בעדינגונג פון יענער עמפפינדונג, וועלכע מיר רופען אַכטונג, אָבער די אורזאַך פון דער בעשטימונג דער דאָזיגער עמפפינדונג ליגט אין דער ריינער פראַקטישער פערנונפט. מחמת דעם, מוז אָט די עמפפינדונג, דורך איהר אָבשטימונג, הייסען ניט פאַטאָלאָגיש, נאָר *פראַקטיש געווירקט*. דאַדורך, וואָס די פאָרשטעלונג פון מאָראַלישען געזעץ נעמט-צו ביי דער אייגענליבע איהר איינפלוס און ביי דער פערבלענדטער האַלטען-פון-זיך איהר משוגעת, פערקלענערט זי דערמיט די שטערונגען פאַר דער ריינער פראַקטישעו פערנונפט און גיט אַ פאָרשטעלונג איבער דעם פאָרצוג פון איהר אָביעקטיווען געזעץ אין פערגלייך מיט די זינליכע תשוקות, עס הייסט בכן, אַז זי גיט אַ איבערגעוויכט דעם ערשטען דורכ׳ן בעזייטיגען דעם געגענגעוויכט פון די לעצטע אין דער אורטיילונג פונ׳ם שכל. און אַזוי אַרום איז די אַכטונג צום געזעץ ניט התעוררות צו זיטליכקייט, נאָר די זיטליכקייט זעלבסט, ווייל די פרייע פערנונפט, דאַדורך, וואָס זי שאַפט אָב אַלע פרעטענזיעס פון זעלבסט-ליבע, איז אין געגענגעוויכט דערצו גיט זי דערווייל צו אַ גרויס אָנזעהן דעם געזעץ, וועלכער האָט איצט בלויז אַליין דעם איינפלוס. נאָר דערביי דאַרף בעמערקט ווערן, דאָס אַזוי ווי די אַכטונג האָט אַ ווירקונג אויפ׳ן געפיהל, הייסט דאָס אויף די זינליכקייט פונ׳ם פערנונפטיגען ווען, זעהט שוין דאָך דאָס פאָר זינליכקייט, אַלזאָ אויך די ענדליכקייט פון אַזאַ ווען, ווען דער מאָראַלישער געזעץ

דערוועקט אַכטונג און בכן איז דעם העכסטען ווערזען אָדער איינעם, וועלכער איז פריי פון יעדער זינליכקייט, פאַר וועל־כען דערזבער, די דאָזיגע זינליכקייט קען ניט זיין קיין שטע־רונג צום פּראַקטישען פערנונפט, קען מען איהם ניט צושרייבען קיין אַכטונג צום געזעץ.

דאָס דאָזיגע געפיהל (אונטער׳ן נאָמען מאָראַלישער) איז זיך אַלזאָ מעורר אויסשליסליך דורך פערנונפט. ער דינט ניט צום בעאורטיילען די האַנדלונגען אָדער גאָר צו דער גרינ־דונג פון זיטליכען געזעץ זעלבסט, נאָר בלויז אַ התעוררות צו מאַכען זיך איהם פאַר אַ מאַקסימע. אָבער מיט וואָס פאַר אַ נאָמען קען מען אָנרופען אָט דעם משונה׳דיגען געפיהל, וועל־כען מ׳קען נישט פערגלייכען מיט קיין שום פּאַטאָלאָגישען? דער דאָזיגער געפיהל איז אַזאַ אייגענטימליכער, דאָס, ווי עס שיינט, שטעהט ער אויסשליסליך אין רשות פון פערנונפט און דערצו אין פּראַקטישען רייגעם פערנונפט.

אַכטונג איז שייך בלויז אויף מענשען און קיינמאָל ניט אויף זאַכען. די לעצטע קענען דערוועקען אין אונז ביי־גונגען, אויב דאָס זענען ברואים (פערד, הינט א. ד. ג.) אפילו ליבע אָדער שרעק, ווי אַ ים, וואולקאַן, אַ רויב־חיה, אָבער קיינמאָל וועלען זיי ניט דערוועקען אין אונז אַכטונג, אַזוינס, וואָס געהט שוין נעהנטער אַרונטער צום דאָזיגען געפיהל איז בעוואונדערונג און אָט דער געפיהל, אַלס אַפעקט, ד. ה. ערשטוינונג קען שייך זיין אויך אויף זאַכען, ווי, למשל, הימעל־הויכע בערג, די סך׳הייט, גרויסקייט און ווייטקייט פון די וועלט־קערפּער, די שטאַרקקייט און געשווינדקייט פון אַנ־דערע חיות א. ז. וו. אָבער דאָס אַלץ איז נאָך נישט אַכטונג. אַ מענש קען זיין פאַר אונז אַ געגענשטאַנד פון ליבע, מורא אָדער פון בעוואונדערונג, אפילו ביז ערשטוינונג, אָבער מיט דעם ווערט ער נאָך ניט קיין געגענשטאַנד פון אַכטונג. פאָנטע־נעלע זאָגט: פאַר אַ פּאָרנעהם בוק איך מיר, אָבער עס בוקט זיך ניט מיין גייסט. איך קען דערצו צו־געבען: פאַר אַ מענשען פון נידריגען שטאַנד, אין וועלכען איך

זעה אָרענטליכקייט פון כאַראַקטער, וויפיל ביי זיך אַליין בעמערק איך עס ניט, בוקט זיך מיין גייסט, צי איך וויל, צי ניט. און ווען איך וועל אפילו דערביי האַלטען מיין קאָפּ אַזוי הויך, דאָס עס זאָל זיך פון איהם ניט פערבעהאַלטען דער פאָרצוג פון מיין שטאַנד געגען זיינעם. פאַרוואָס איז עס אַזוי? ווייל זיין ביישפּיל טראָגט מיר פאָר אַ געזעץ, וועלכער דערנידעריגט מיין פון-זיך-האַלטונג, ווען איך פערגלייך איהם מיט מיין אויפפיהרונג און ווען איך זעה, אַז דאָס מקים זיין דעם געזעץ, אַלזאָ אויך זיין פערווירקליכונג, ווערט מיר בעוויזען דורך מעשים. איך קען אפילו אויך ביי זיך אָנערקענען אַזאַ מדרגה עהרליכקייט, די אַכטונג צו איהם בלייבט דאָך. אַזוי ווי ביי מענשען איז דאָך אַלץ וואָס גוטעס תמיד פעהלערהאַפטיג, איז דאָס געזעץ, דורך אַ ביישפּיל, וועלכען מ'זעהט פאַר די אויגען, שלאָגט אָפּ מיין גאוה. אַכטונג — דאָס איז אַ שטייער, אין וועלכען מיר קענען נישט אָבזאָגען דעם פערדינסט און, הגם מיר וואָלטען געקענט לפנים אָבהאַלטען זיך פון דעם, קענען מיר דאָך זיך ניט פערהיטען, אינערליך צו פיהלען דאָס.

אַכטונג איז בשום אופן ניט קיין געפיהל פון תענוג און נור אונגערן ווייזט מען איהם אַרויס דעם אָדער יענעם מענשען. מ'סטאַרעט זיך תמיד, כדי דערמיט אונז צוצושטעלען אַ נחת רוח, צו געפינען אין איהם אַ וועלכען-ניט-איז פאָרוואורף, אום אַרויסצוהעלפען זיך פון יענער דערנידערונג, וועלכע עס ברענגט אין אונז אַריין אַזאַ ביישפּיל. אפילו נפטרים זענען אויך נישט שטענדיג פערזיכערט פון דער דאָזיגער קריטיק, איבערהויפּט אין דעם פאַל, ווען זייער ביישפּיל קומט אויס פאַר אונמעגליך נאָכצומאַכען. אפילו דער מאָראַלישער געזעץ זעלבסט אין זיין פייערליכען מאַיעסטעט איז געצוואונגען, צוליב דער דאָזיגער שטרעבונג, צו בעשיצען זיך פון אָט דעם אונאַכטונג געפיהל. מ'שמועסט זיך איין אַ שטייגער, אַז מ'דאַרף עס צורעכענען אַ וועלכער ניט איז פּניה, אַז דער דאָזיגער ווירדיגקייט בעדאַרף מען צושרייבען עפּעס

אַ אינטימע נייגונג און דורך געוויסע פּניות וויל מען אין דעם זעהן אַ איינפאַכע פאָרשריפט פון נוץ, אַבי נור אַרויסצומאַכען זיך פון יענער שרעקענדער אַכטונג, וועלכע בעשטראָפט אַזוי שטרענג אונזער אייגענע אונווירדיגקייט. — און פונדעסטוועגען איז דאָך אין דעם אַזוי וועניג אוּנאַנגענעהמליכקייט, דאָס ווען מ׳האָט נור איינמאָל אָבגעלעגט דעם האַלטען־פון־זיך און מ׳גיט דער דאָזיגער אַכטונג אַ פּראַקטישען איינפלוס קען מען זיך ניט זאַט אָנקוקען אויף די הערליכקייט פון אָט דעם געזעץ, און די נשמה זעלבסט שיינט, דערהויבט זיך אין אַזאַ מאָס, אַזוי ווי זי וואָלט געזעהן איבער זיך און איבער איהר פערגענגליכער נאַטור דעם הייליגען געזעץ.

אַכטונג צום מאָראַלישען געזעץ איז אַלזאָ די איינציגע און צוגלייך די אונבעצווייפעלטע מאָראַלישע התעוררות, ווייל דאָס דאָזיגע געפיהל קען אַנדערש ניט זיין געריכטעט אויף אַן אָביעקט, ווי נור פונ׳ם דאָזיגען יסוד. פריהער פון אַלעם בעשטימט דאָס מאָראַלישע געזעץ אָביעקטיוו און אונמיטעלבאַר דעם ווילען אין דעם אורטייל פונ׳ם שכל, אָבער פרייהייט, וועלכערס קויזאַליטעט ווערט בעשטימט בלויז דורכ׳ן געזעץ, בעשטעהט נעמליך אין דעם, דאָס אַלע נייגונגען, אַלזאָ אויך די שעצונג פון דער פערזאָן זעלבסט, איינשרענקט זי דורכ׳ן בעדינג באָכצופאָלגען איהר ריינעם געזעץ. די דאָזיגע איינשרענקונג מאַכט אַ ווירקונג אויפ׳ן געפיהל און ברענגט אַרויס אַ שפּירונג פון אונצופרידענהייט, וועלכע מיר קענען דאָס פון מאָראַלישען געזעץ דערקענען אַפּריאָרי. אַזוי ווי זי איז מחמת דעם בלויז אַ נעגאַטיווע ווירקונג, וועלכע, אַלס אַ ענטשטאַנענע פון ריינעם פראַקטישען פערנונפט, געגענווירקט זי איבערהויפּט דער טעטיגקייט פונ׳ם פערזאָן, ווי ווייט נייגונגען זענען דער בעשטימונגס־יסוד פון דער טעטיגקייט, בכן געגענווירקט זי דער מיינונג וועגען זיין אייגענער פערזענליכער ווערט (וועלכע אָהן דער איינשטימונג פונ׳ם מאָראַלישען געזעץ געהט דאָס אַראָפּ ביז גאָרנישט), אַלזאָ איז די ווירקונג פונ׳ם דאָזיגען געזעץ אויפ׳ן געפיהל בלויז דערנידערונג. און מיר,

הגם מיר קענען דאָס בעמערקען אַפּריאָרי, קענען מיר אָבער
אין דעם דערקענען ניט דעם כּוח פון ריינעם פּראַקטישען גע=
זעץ, אַלס אַ התעוררות, נאָר בלויז זיין ווידערשטאַנד געגען
די חושים׳דיגע תשוקות. אַזוי ווי אָבער דער דאָזיגער געזעץ
איז דאָך אָביעקטיוו, ד. ה. אין דער פאָרשטעלונג פון ריינעם
פּערנונפט איז ער אַ אונמיטעלבאַרער בעשטימונגס=יסוד פונ׳ם
ווילען, בכן איז די דאָזיגע דערנידערונג שייך נור אין פּער=
העלטניס צו דער ריינקייט פונ׳ם געזעץ, אַלזאָ איז די אָב=
וואַרפונג דער פּרעטענזע פון מאָראַלישער זעלבסט=שעצונג ד. ה.
די דערנידערונג, שטעהט זי אויף דער זינליכער זייט און די
דערהויבונג פון דער מאָראַלישער, ד. ה. פון דער פּראַקטישער
שעצונג דעם געזעץ זעלבסט שטעהט אויף אַ אינטעלעקטועלער
אורזאַך, איז עס דערום אַ פּאָזיטיוועס געפיהל, וועלכער ווערט
אַנערקענט אַפּריאָרי. דען יעדע פערמינדערונג פון די שטע=
רונגען צו אַ טעטיגקייט איז שוין אַ גורם צו דער דאָזיגער
טעטיגקייט זעלבסט. די אָנערקענונג פון מאָראַלישען געזעץ
אָבער איז דאָס בעוואוסטזיין פון דער טעטיגקייט פונ פּראַק=
טישע פערנונפט אויס אָביעקטיווע יסודות, וועלכע ווייזט
בלויז צוליב דעם ניט אַרויס איהרווירקונג אויף מעשים,
ווייל עס שטערען איהר סוביעקטיווע (פּאַטאָלאָגישע) אורזאַכען.
פון דעם קומט אויס, אַז אויף דער אַכטונג צום מאָראַלישען
געזעץ דאַרף מען קוקען, ווי אויף אַ פּאָזיטיווע, נאָר ניט די=
רעקטע ווירקונג איהרע אויפ׳ן געפיהל, ווי ווייט זי שוואַכט
אָב דעם שעדליכען איינפלוס פון די נייגונגען דורך איהר
דערנידערן דאָס האַלטען=פון=זיך, אַלזאָ, אַ סוביעקטיווער יסוד
פון מעשים, ד. ה. אַלס אַ ה ת ע ו ר ר ו ת מקיים צו זיין דעם
דאָזיגען געזעץ און ווי אויף אַ יסוד פון אַ מאַקסימע נוהג צו
זיין זיך לויט איהם: פונ׳ם בעגריף התעוררות ענטשטעהט דער
בעגריף א י נ ט ע ר ע ס, וועלכער ווערט קיינמאָל ניט צוגעשרי=
בען קיין שום וועזען, אויסער דעם, וועלכער האָט
פערנונפט און דער דאָזיגער בעגריף בעדייט ה ת ע ו ר ר ו ת
פונ׳ם ווילען, ווי ווייט זי ווערט פאָרגעשטעלט ד ו ר כ׳ן ש כ ל.

אַזוי ווי דער געזעץ זעלבסט בעדאַרף צו זיין די התעוררות אין אַ מאָראַליש גוטען ווילען, איז דער מאָראַלישער אינטערעס אַ רייגער, פריי פון זינליכקייטען אינטערעס בלויז פון פראַקטישען פערנונפט. אויפ'ן בעגריף אינטערעס גרינדעט זיך אויך דער בעגריף מאַקסימע. די דאָזיגע מאַקסימע איז אַלזאָ נור דאַן באמת מאָראַליש, ווען זי גרינדעט זיך בלויז אויפ'ן אינטערעס, וועלכען מ'נעמט אָן כדי מקים צו זיין דעם געזעץ. אַלע דריי בעגריפען התעוררות, אינטערעס און מאַקסימע זענען נור שייך אויף ענדליכע וועזענס, זיי אַלע איגאײנעם זעהען פאָר די בעשרענקטקייט פונ'ם וועזענ'ס נאַטור, וואָרום די סוביעקטיווע אייגענשאַפטען פון זיין ווילקיר שטימען ניט פון זיך זעלבסט מיט די אָביעקטיווע געזעצען פון פראַקטישען פערנונפט. דאָס איז נעמליך אַ בעדערפניש צו זיין דורך עפעס דערוועקט צו טעטיגקייט, ווייל אַ אינערליכע שטערונג שטעהט דאָ געגען. אַלזאָ אויף דעם געטליכען ווילען קענען זיי ניט שייך זיין.

עס ליגט עטוואָס בעזונדערס אין דער גרענעצלאָזער הויכשעצונג פון ריינעם, אָהן שום נוצליכער פניה, מאָראַלישען געזעץ, אַזוי ווי די פראַקטישע פערנונפט שטעלט איהם אונז פאָר אויף צו מקים זיין, וועמענס שטים עס צווינגט אפילו דעם סאַמע דרייסטען פערברעכער צו ציטערן און נויט איהם צו פערבעהאַלטען זיך פאַר זיין אייגענעם אָנבליק. מ'דאַרף זיך דעריבער ניט וואונדערן, אויב דעם דאָזיגען איינפלוס פון אַ בלויז אינטעלעקטועלער אידעע אויפ'ן געפיהל געפינט מען איין פאַר'ן ספעקולאַטיווען שכל פאַר אונבעגרינדעט און מוזען זיך דערמיט בענוגענען, וואָס מ'קען דאָך אַפריאָרי איינזעהן, אַז אַזאַ געפיהל איז אויף אונאויסצוקניפען פערבונדען מיט דער פאָרשטעלונג פון אַ מאָראַלישען געזעץ אין יעדען ענדליכען פערנינפטיגען וועזען. ווען דאָס דאָזיגע געפיהל פון אַכטונג וואָלט געווען פאַטאָלאָגיש, אַלזאָ אַ עונג געפיהל, געגרינדעט אויף אַ אינערליכען חוש, וואָלט געווען אומזיסט די מאַטערניש צו ענטדעקען אַ פערבינדונג פונ'ם

זעלבען מיט אַ וועלכער אידעע אַפריאָרי, אָבער דאָס איז אַ געפיהל, וואָס האָט אַ שיכות בלויז צום פראַקטישען און עס געהט איהם אָן די פאָרשטעלונג פון געזעץ אויסשליסליך לויט זיין פאָרם, אָבער ניט צוליב אַ וועלכען ס׳איז אָביעקט זיינעם. אַלזאָ קען דער דאָזיגער געפיהל ניט פעררעכענט ווערן, ניט צו תענוג, ניט צו צער און פונדעסטוועגען דערוועקט ער אינטערעס מקים צו זיין דאָס געזעץ, וועלכעס מיר קענען רופען מאָראַלישער. אַזוי אויך די פעהיגקייט צו נעמען אַזאַ אינטערעס אין געזעץ (אָדער די אַכטונג פאַר דעם מאָראַלישען געזעץ זעלבסט) איז אייגענטליך דאָס מאָראַלישע געפיהל.

דאָס בעוואוסטזיין פון אַ פרייען אונטערוואַרפען זיך פונ׳ם ווילען אונטער דאָס געזעץ, וועלכעס איז דאָך פערבונדען מיט אַ אונפערמיידליכען צוואַנג אויף אַלע תשוקות, אָבער, וועלכער צוואַנג עס ווערט בלויז דורכ אייגענעם פערנונפט אויף זיך אָנגעטאָן, איז עס דאָס דאָזיגע אַכטונג צום געזעץ. דאָס געזעץ, וועלכעס פאָדערט דאָס דאָזיגע אַכטונג און בעאיינפלוסט איהם, איז ניט קיין שום אַנדערס, ווי מ׳זעהט, אַלס דאָס מאָראַלישע. קיין שום אַנדער געזעץ שליסט ניט אויס אַלע נייגונגען פון דעם אונמיטעלבאַרען איינפלוס זייערען אויפ׳ן ווילען. די האַנדלונג, וועלכע לויט׳ן דאָזיגען געזעץ, נאָך דער אויסשליסונג פון אַלע בעשטימונגס־יסודות, וואָס קומען אַרויס פון די נייגונגען, איז זי אָביעקטיוו—פראַקטיש, הייסט פליכט, וועלכע טאַקי דורך דער דאָזיגער אויסשליסונג ענטהאַלט זי אין איהר בעגריף אַ פראַקטישע געצוואונגענקייט ד. ה. אַ בעשטימונג צו מעשים, וויפיל זיי מעגען דאָרט אונגערן געשעהן. דאָס געפיהל, וועלכעס ענטשטעהט פונ׳ם בעוואוסטזיין פון דער דאָזיגער געצוואונגענקייט איז ניט אַ פאַטאָלאָגישעס ד. ה. אַלס אַזעלכעס, וואָס איז געווירקט געוואָרען מיט אַ וועלכען־ס׳איז געגענשטאַנד פון די אויסערליכע חושים, נאָר אַ ריין פראַקטישעס, ד. ה. אַ מעגליך געוואָרענע דורך אַ פאָרהערגעהענדע (אָביעקטיווע) ווילענס־בעשטימונג און קויזאַליטעט

(פעראורזאַכונג) פונ'ם שכל. אַלזאָ, אַט דאָס געפיהל, אַלס אַ אונטערטעניגער דעם געזעץ, ד. ה. אַלס געבאָט ענטהאַלט אין זיך ניט צופרידענהייט, נאָר גיכער אונצופרידענהייט, אָבער, אַזוי ווי די דאָזיגע געצוואונגענקייט קומט אַרויס בלויז דורך די געזעצגעבונג פונ'ם אייגענעם שכל, ענטהאַלט עס דערפאַר אין זיך דערהויבונג פונ'ם גייסט און אַ סוביעקטיווע ווירקונג אויפ'ן געפיהל, אויף וויפיל ריינע פראַקטישע פערנונפט איז די איינציגע אורזאַכע דערפון. אַלזאָ אין פערהעלטניס צום לעצטען קען ער ווערן אַרויסגערופען דורך אייגענער הסכמה, ווייל דאָ אַנערקענט דער מענש, אַז ער בעשליסט זיך דערצו אָהן יעדען פערזענליכען אינטערעס און אָנערקענט אַ גאַנץ אַנדערן, אַ סוביעקטיוו געמאַכטען דאַדורך אינטערעס, וועלכער איז ריין פראַקטיש און פריי. אויף אָנצונעמען אַזאַ אינטערעס און אַ ענטשפּרעכענדע פאַר דער פליכט האַנדלונג רעדט אָן, ניט אַ וועלכע ס'איז תשוקה, נאָר די פערנונפט דורכ'ן פראַקטישען געזעץ בעפעהלט אונבעדינגט. און די דאָזיגע געצוואונגענקייט דערוועקט ווירקליך אַזאַ אינטערעס, אָבער דורך דעם טראָגט זי אַ גאַנץ אייגענטימליכען נאָמען, נעמליך דעם נאָמען אַכטונג.

דער בעגריף פון פליכט פאָדערט אַלזאָ אין די מעשים פון דער אָביעקטיווער זייט די איינשטימונג מיט'ן געזעץ אין זיין מאַקסימע און פון דער סוביעקטיווער זייט אַכטונג צום געזעץ, אַלס דעם איינציגען בעשטימונגס־אַרט פון ווילען דורך איהם. אויף דעם בויט זיך דער חלוק צווישען דעם בעוואוסטזיין נוהג צו זיין זיך איינשטימיג מיט דער פליכט און נוהג צו זיין זיך לויט'ן געפיהל פון פליכט. ד. ה. פון אַכטונג צום געזעץ. ווען דאָס ערשטע (די לעגאַליטעט) וואָלט מעגליך געווען אויך אין דעם פאַל, ווען די בעשטימונגס־יסודות פון ווילען וואָלטען געווען אויך נייגונגען, איז אָבער די צווייטע (די מאָראַליטעט), מוז די מאָראַלישע בעדייטונג בעשטעהן אויסשליסליך אין דעם, וואָס די האַנדלונג געשיהט לויט'ן געפיהל פון פליכט, ד. ה. בלויז צוליב דעם ווילען פונ'ם געזעץ.

* *
*

קאַנט רעדט דאָ ווייטער אַרום וועגען דעם, אַז די מעשים מוּ־זען קומען פון פליכט געפיהל, וואָס מ׳פיהלט זיך מחויב אַזוי צו טאָן, ניט ווייל עס שמעקט אַזוי צוליב געוויסע סיבות. און ווען אפילו מ׳איז זיך נוהג לויט׳ן פליכט געבאָט, אָבער ניט דורכ׳ן פליכט געפיהל, דורך דער אַכטונג צום געזעץ, ד. ה. מ׳האָט ניט דערבײַ די כונה מקים צו זיין דעם געבאָט, הייסט דאָס שוין ניט אַ מאָראַלישער טאַט. מיר שטעהען — זאָגט ער — אונטער דער דיסציפּלין פון דער פערנונפט און אין אַלע אונזערע מאַקסימען טאָרען מיר נישט פערגעסען וועגען דער אונטערטעניגקייט צו איהר.

דער מענש — זאָגט ער ווייטער — קען דאָך קיינמאָל ניט קומען צו דער מדרגה, וואו עס זאָל שוין אויפהערען דער רצון, ער זאָל שוין האָבען הייליגקייט ווילען, ער זאָל דערגרייכען יענע שטופע ריינעם ווילען, וואו די חושים האָבען קיין שליטה ניט, וואו עס איז שויז ניטאָ קיין וועלען, דאָס איז שייך בלויז ביי גאָט, אָבער דער מענש מוז זיין גאַנץ לעבען קעמפּען, שטרעבען, מוז כסדר זיך זעלבסט צווינגען צו מקים זיין דעם זיטליכען געבאָט. אָט דעריבער איז בלויז יענער טאַט, וואָס שטאַמט ניט פון סימפּאַטיע אָדער זעלבסט־ליבע, מעג ער זיך, ווי פיין זיין, נאָר פון אַכטונג צום געבאָט האָט אַ מאָראַלישען ווערט און זאָגט:

מ׳קען יענעמ׳ס מעשים, וועלכע זענען געטאָן געוואָרען מיט גרויס אָפּפערונג און דערביי לשם פליכט, ריהמען אונטער׳ן נאָמען איידעלע און ערהאַבענע מעשים, אָבער דאָך בלויז אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָרט איז פערהאַן סימנים, אויפ׳ן יסוד פון וועלכע מ׳קען משער זיין, אַז זיי זענען בע־גאַנגען געוואָרען מחמת דער אַכטונג צו זיין פליכט, אָבער ניט פון פוכקע לבבות. אויב מ׳זאָל זיי עמיצען פאָרשטעלען, אַלס אַ מוסר אָראָבצונעמען פאַר זיך, דאַן מוז דורכאויס פאַר אַ התעוררות גענומען ווערען די אַכטונג פאַר דער פליכט

(אַלס דאָס איינציגע עכטע מאָראַלישע געפיהל), די דאָזיגע ערנסטע און הייליגע פאָרשריפט, וועלכע לאָזט ניט צו אונזער הבל'דיגע אייגען־ליבע, ערלויבט אונז ניט צו פראַנטעווען מיט פּאַטאָלאָגישע אנטריבען (ווי ווייט זיי זענען אַנאַלאָגיש מיט דער מאָראַליטעט) און צו פּאַטשען זיך אין בויך מיט אַ כלומר'שטע אונזערע אַ פערדינסטליכע חשיבות. ווען מיר וועלען נור גוט אַ זוך טאָן, דאַן וועלען מיר צו אַלע מעשים, וועלכע זענען ראוי לשבח, געפינען שוין דעם געזעץ פון פליכט, וועל־כער בעפעהלט און לאָזט ניט אויף הפקר דאָס, וואָס וואָלט געקענט געפעלען אונזערע תשוקות. דאָס איז די איינציגע דענקונגס־אַרט, וועלכע בילדעט מאָראַליש דעם גייסט, ווייל בלויז זי אַליין איז פעהיג צו פעסטע און גענוי בעשטימטע בעשטימונגס יסודות.

פליכט! דו ערהאַבענער גרויסער וואָרט, ביי דיר איז דאָך ניטאָ קיין שום רייצענדעס, וואָס זאָל האָבען געשמייכעלט מענשען, נאָר דו פאָדערסט הכנעה און דו וואַרפסט אויך ניט אָן קיין אימה מיט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל דערוועקען אין דער נשמה אַ נאַטירליכע אָבנייגונג, און זאָל שרעקען, כדי דעם ווילען צו בעוועגען, דען דו שטעלסט בלויז אַרויס אַ געזעץ, וועלכער דרינגט שוין אַליין אַריין אין דער נשמה און געגען ווילען דערוועקט ער אַכטונג צו זיך (הגם ניט תמיד זיין אויספיהרונג, דאָס מקיים זיין) און פאַר וועלכען עס פער־שטומען אַלע תשוקות, ווען זיי זאָלען זיך אפילו אין גע־היים איהם מתנגד זיין. — וואו־זשע איז ער עס דיין, דיר וויר־דיגער, ערשטער מקור, און וואו געפינט מען די וואָרצלען פון דיין איידעלער ערשיינונג — און אין איהם ווערט בעזייטיגט יעדע התקרבות, מיט די תשוקות און נור פון איהם שטאַמען אַרויס די נויטיגע בעדינגונגען פון יענער חשיבות, וועלכע מענשען קענען אַליין זיך געבען.

אָט דאָס איז נעמליך דאָס גרויסע, וואָס דערהויבט דעם מענשען איבער זיך זעלבסט (אַלס אַ טייל פון דער חושים וועלט), וואָס בעהעפט איהם מיט יענעם סדר, וועלכען בלויז

דער שכל אַליין קען דענקען און וואָס צוגלייך דערמיט האָט ער אונטער זיך די גאַנצע זינליכע וועלט און צוזאַמען מיט איהר דאָס עמפּיריש בעשטימבאַרעס עקזיסטענץ אין דער צייט און די פעראייניגונג פון אַלע צוועקען (וואָס איז צוגעפּאַסט בלויז אַזאַ אונבעדינגטען געזעץ, ווי דאָס מאָראַלישע). דאָס איז נישט קיין אַנדערס, ווי פּערזענליכקייט, דאָס איז פרייהייט און אונאָבהענגיגקייט פון דעם גאַנצען נאַטור מעכאַניזם, דאָך צוגלייך דערמיט ווערט עס בעטראַכט אַלס אַ כוח פון אַ וועזען, וועלכעס איז זיך מכניע צו די אייגענטימליכע, נעמליך צו די פון זיין פערנונפט געגעבענע ריינע פּראַקטישע געזעצען. אַלזאָ, די פּערזאָן, אַלס אַ געהעריגע צו דער זינליכער וועלט, אונטערטעניגט זיך דאָ צו איהר אייגענער פּערזענליכקייט, ווי ווייט זי געהער צוגלייך אויך צו דער אינטעליגעבעלער וועלט (עולם השכלי). עס איז דערום זיך נישט צו וואונדער'ן, ווען דער מענש, אַלס אַ געהערענדער צו צוויי וועלטען, בעדאַרף ער קוקען אויף זיין צווייטע און העכסטע בעשטימונג מיט פערעהרונג און איהרע געזעצען מוז ער בעטראַכטען מיט דער העכסטער אַכטונג.

אויף דעם דאָזיגען מקור פון פליכט גרינדען זיך געוויסע אויסדריקען, וועלכע בעצייכענען דעם ווערט פון די געגענשטאַנדען לויט מאָראַלישע אידעען. דער מאָראַלישער געזעץ איז הייליג (קיין התרים). הגם דער מענש אַן און פאַר זיך איז גענוג אונהייליג, אָבער די מענשהייט אין זיין פּערזאָן מוז איהם הייליג זיין. אין דער גאַנצער שעפּונג איז אַלץ וואָס מ'וויל עס און איבער וואָס מ'האָט אַ ממשלה האָט אַ ווערט, בלויז אַלס אַ מיטעל, נאָר דער מענש איז דער תכלית אן זיך זעלבסט. ער איז נעמליך דאָס סוביעקט פון מאָראַלישען געזעץ, וואָס איז הייליג דורך דער אויטאָנאָמיע פון זיין פרייהייט. דאַדורך טאַקי איז יעדער ווילען בעשרענקט אַליין זיין אייגענעם, אויף זיך זעלבסט געריכטעטען ווילען מיט דער בעדינגונג פון זיין איינשטימונג מיט דער אויטאָנאָמיע פון פערנינפטיגען וועזען, און נעמ־

ליך דערמיט, וואָס ער וואַרפט זיך ניט אונטער קיין שום ציל,
וואָס זאָל אונמעגליך זיין לויט'ן געזעץ, וועלכער וואָלט גע־
קאָנט אַרויסקומען פונ'ם סוביעקט'ס ווילען זעלבסט. אַלזאָ דער
ווילען בענוצט זיך קיינמאָל ניט מיט אָט דעם סוביעקט אַלס
אַ מיטעל, נאָר קוקט תמיד אויף איהם, ווי אויף אַ צוועק. די
דאָזיגע בעדינגונג שטעלען מיר רעכט אפילו דעם געטלי־
כען ווילען אין פערהעלטניס צו די פערנינפטיגע וועזענס אין
דער וועלט, אַלס זיינע שעפונגען, דען דאָס שטיצט זיך אויף
די פערזענליכקייט זייערע, דאַדורך אַליין זענען זיי
דער תכלית אן זיך זעלבסט.

די דאָזיגע אַכטונג דערוועקענדע אידעע פון פערזענליכ־
קייט — וועלכע בעווייזט פאַר אונזערע אויגען די ערהאַבענקייט
פון אונזער נאַטור (לויט איהר בעשטימונג), דאַן ווען צוגלייך
דערמיט בעווייזט זי אונז דעם חסרון פון אונזער אויפפיהרונג
לפי דער אידעע און דערמיט וואַרפט זי אַראָב אונזער האַל־
טען פון זיך — איז אפילו דעם סאַמע דורכשניטליכסטען שכל
נאַטירליך און בעמערקליך. צי האָט ניט אַמאָל בעמערקט יע־
דער, אפילו דער מיטעלמעסיגער עהרליכער מאַן, דאָס ער האָט
זיך אָבגעזאָגט פון אַ אונשעדליכען ליגען, דורך וועלכען ער
וואָלט אָדער אַליין זיך געקענט אַרויסוויקלען פון אַ אונאַנגע־
נעהמער לאַגע, אָדער געקענט אַ טובה טאָן אַ בעליבטען מענשען
און ער האָט בלויז צוליב דעם זיך אָבגעזאָגט דערפון, כדי
ניט פערמאוסט צו ווערען אין זיינע אייגענע אויגען? האַלט
דען נישט אונטער דעם אָרענטליכען מענשען, אין די גרעסטע
אומגליקען פון זיין לעבען, וועלכע ער וואָלט געקאָנט אויסמיי־
דען, ווען ער זאָל נור קענען זיך אָבזאָגען פון זיין פליכט,
צי האַלט איהם נישט אונטער דאָס בעוואוסטזיין פון דעם, אַז
ער האָט אין זיין פערזאָן אָבגעהיט און געעהרט די ווירדע
פון דער מענשהייט און אַז ער האָט ניט קיין אורזאַכען צו
שעמען זיך פאַר זיך זעלבסט און צו שרעקען זיך פאַר די
בליקען פון זיין זעלבסט־קריטיק? די דאָזיגע אינערליכע בע־
רוהיגונג איז בלויז אַ נעגאַטיווע אין פערהעלטניס צו דעם

אַלעם, וואָס קען מאַכען דאָס לעבען אנגענעהם. אָבער גראדע זי האַלט אָב דעם מענשען פון זינקען אין זיין פערזענליכער חשיבות. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון אַכטונג פאַר עטוואָס גאַנץ אַנדערס, ווי דאָס לעבען, אין פערגלייכונג מיט וועלכעס עס האָט אפילו דאָס לעבען מיט זיינע אַלע אָנגענעהמליכקייטען קיין שום בעדייטונג ניט.

אַזוי איז זי די אמת׳ע התעוררות פון דער ריינער פראַקטישער פערנונפט בעשאַפען, זי איז ניט קיין אַנדערע, אַלס דער ריינער מאָראַלישער געזעץ אַליין, ווי ווייט ער לאָזט אונז בעמערקען די ערהאַבענקייט פון אונזער אייגענעם איבערזינליכען, אויס־געטאָן פון אַלע חושים, עקזיסטענץ און ווי ווייט ער איז סובּ־יעקטיוו אין מענשען, וועלכע עס איז צוגלייך דערמיט אויך בעוואוסט זייער זינליך לעבען און זייערע פערבונדענע דערמיט פּאַטאָלאָגיש בעשטימטע נאַטור, דערוועקט ער אַכטונג צו זייער העכסטער בעשטימונג. און אָט מיט דער דאָזיגער התעוררות לאָזען זיך פערבינדען פיל נחת און לעבענ׳ס אַנגענעהמליכקיי־טען, דאָס שוין צוליב דעם אַליין, וואָלט מען געקענט פער־רעכענען פאַר דאָס קלוגסטע אויסוואַהל פון אַ חכם און איבער־דענקענדען איבער דאָס גוטע פון לעבען עפּיקורערער, ווען מ׳זאָל זיך אַרויסזאָגען פאַר אַ זיטליכע ריינע אויפפירונג. עס וואָלט געווען אויך זעהר גלייך צו פערבינדען דעם דאָזיגען בליק אויף אַ נעימות׳דיגען לעבענ׳ס גענוס מיט אָט דער הע־כערער און שוין פאַר זיך אַליין גענוג בעשטימענדע התעוררות־אורזאַך, — אָבער בלויז צוליב דעם נור, כדי צו געבען אַ גע־געגעוויכט יענע פערפיהרונגען, וועלכע בעווייזען דעם חסרון פון דער געגענדיגער זייט, אָבער ניט דערפאַר, כדי צוצוגע־בען זיי דעם אייגענטליכען כוח ההתעוררות און אפילו ניט דאָס קלענסטע טייל פונ׳ם דאָזיגען כוח, ווען די רעדע איז וועגען פליכט. דאָס וואָלט געווען גלייך, ווי מ׳זאָל וועלען פעראומריי־ניגען די מאָראַלישע שטימונג אין איהר קוועלע. די הויכע ווירדע פון פליכט האָט קיין שום שיכות נישט מיט דער הנאה פונ׳ם לעבען. זי האָט איהר אייגענעם אייגענטליכען געזעץ

און איהר אייגענטימליכען געריכט. ווען מ'זאָל זיי וועלען ביידע צוזאַמען גיסען, כדי אויסצומישען זיי אַלס אַ רפואה פאַר דער קראַנקער נשמה, וואָלטען זיי זיך תיכף גלייך צושיידט פון זיך זעלבסט. און טוען זיי עס נישט, דאַן ווירקט דאָס ערשטע לגמרי נישט. ווען דאָס פיזישע לעבען זאָל דערביי געווינען אַביסעל קראַפט, וואָלט דאָך דאָס מאָראַלישע געזעץ פערשווינדען לעולם ועד.

## אין פרק: „די קריטישע בעלייכטונג דער אַנאַליטיק פון דער ריינער פראַקטישער פערנונפט" געפינען מיר:

דער מענש מעג זיך כיטרעווען וויפיל ער וויל, כדי יענעם געגען-געזעצליכען טאַט זיינעם, וועגען וועלכען ער דערמאָנט זיך, פאָרצושטעלען זיך אַלס אַ בשוגג'ס פערזעהן, אַלס אַ איינפאַכע אונפאָרזיכטיגקייט, וועלכעס מ'קען קיינמאָל ניט אינגאַנצען דאָס פערמיידען, אַלזאָ אַלס אַזוינ'ס אין וועלכעס ער איז אַריינגעריסען געוואָרען מיט'ן שטראָם פון פיזישער נויטווענדיגקייט, כדי דורך דאָס דאָזיגע צו דערקלערען זיך אין דעם פאַל פאַר אונשולדיג. דער סוף איז אָבער פאָרט, אַז דער סניגור, וועלכער רעדט אויף זיין צד, קען בשום אופן ניט צווינגען צו אַנטשוויגען ווערן אין איהם זיין קטיגור, ווען ער אַנערקענט נור, אַז אין יענער צייט, ווען ער איז די אונרעכט בעגאַנגען, איז ער געווען ביים זינען, ד. ה. ער האָט געקאָנט בענוצען זיך מיט זיין בחירה. און הגם טאַקי ער ד ע ר ק ל ע ר ט זיך זיין חטא דורך די אָדער יענע שלעכטע רגילות, וואָס שטאַמט פון אונפאָרזיכטיגקייט און פערנאַכלעסיגטע אויפמערקזאַמקייט צו זיך זעלבסט, און קוקט דערויף, ווי אויף אַ נאַטירליכע פאָלגע פון דער דאָזיגער געוואוינהייט, אָבער פונדעסטוועגען אויך אין דעם פאַל קען ער זיך ניט מציל זיין פון זעלבסט-טאַדעל און פאָרוואורפען צו זיך זעלבסט. אויף דעם גריינדעט זיך אויך די חרטה איבער אַ לאַנג בעגאַנגענעם טאַט ביי יעטוועדער דערמאָנען זיך וועגען דעם.

## אין פּרק פון דער דיאַלעקטיק פון דער ריינער פערנונפט אין דער בעשטימונג פונ'ם בעגריף וועגען העכסטען גוטס.

דער בעגריף וועגען *העכסטען* ענטהאַלט אין זיך צווייידייטיגקייט, וועלכע, ווען מ'לעגט דערויף ניט קיין אַכט, קען עס ברענגען צו אוננויטיגע וכּוחים. דאָס העכסטע קען זיין אָדער די סאַמע אויבערשטע, אָדער דאָס סאַמע פאָלשטענדיגסטע. דאָס ערשטע איז יענע בעדינגונג, וועלכע איז זעלבסט אונבעדינגט, ד. ה. זי וואַרפט זיך ניט אונטער קיין שום אַנדערן. די צווייטע דאָס איז יענעם גאַנצעס, וועלכע איז ניט קיין טייל פון נאָך אַ גאַנצעס פונ'ם זעלבען מין. אין דער אַנאַליטיק איז בעוויזען געוואָרען, אַז *טוגענד*, (אַלס ראוי'דיג גליקליך צו זיין) איז די *אויבערשטע* (העכסטע) *בעדינגונג* פון אַלעם דעם, וואָס קען אונז נור שיינען צו זיין ווינשענס-ווערט, בכן, אויך אַלע אונזערע אָנשטרענגונגען וועגען *גליקזעליגקייט*, איז אַלזאָ די *אויבערשטע* (העכסטע) *גוט*.

אָבער זי איז נאָך ניט די גאַנצע און פאָלשטענדיגע גוט, אַלס אַ געגענשטאַנד פונ'ם בעגעהרונג כּוח פון פערנינפטיגע ענדליכע וועזענס, כּדי דאָס צו זיין איז דערצו נאָך אויך נויטיג *גליקזעליגקייט*, און דערביי ניט בלויז אין די איינזייטיגע אויגען פון דער פּערזאָן, וועלכע מאַכט זיך זעלבסט פאַר דעם צוועק, נאָר אפילו אין די אונפּאַרטייאישע אויגען פון דער פערנונפט, וועלכע בעטראַכט בכלל די פּערזאָן אין דער וועלט אַלס אַ צוועק אַן זיך. צו האָבען אַ בעדערפניש אין גליקזעליגקייט, זיין אויך ראוי דערצו און דאָך אָבער זיין ניט בעטייליגט צו איהר — דאָס קען ניט צוזאַמענפּאַסען מיט אַ פאָלשטענדיגען ווילען פון אַ פערנינפטיג וועזען. נאָר אַזוי ווי טוגענד און גליקזעליגקייט צוזאַמען גיבען דעם בעזיץ פון העכסטען גוט'ס אין אַ פּערזאָן, דערביי אָבער גיט זיך גליקזעליגקייט אין אַ גענויער פּראָפּאָרציע מיט זיטליכקייט (אַלס די ווערט פון דער פּערזאָן און איהר פער-

דינסטליכע רעכט גליקליך צו זיין), און זיי מאַכען אויס דאָס העכסטע גליק פון אַ מעגליכער וועלט, אַלזאָ גיבען זיי דאָס גאַנצע און פאָלשטענדיגע גליק, אין וועלכען טוגענד, אַלס בעדינגונג, איז תמיד דאָס אויבערשטע גליק, ווייל זי האָט שוין ניט איבער זיך קיין שום אַנדער בעדינגונג, אָבער גליקזעליגקייט איז שטענדיג עפּעס אַזוינ׳ס, וואָס, הגם ס׳איז אָנגענעהם יענעם, ווער עס בעזיצט דאָס, אָבער עס איז נאָך ניט עפּעס גוטעס אין זיך אַליין אונבעדינגט און אין אַלע הינזיכטען, נאָר תמיד געהט נאָך פאָר, אַלס איהר בעדינגונג, די מאָראַלישע געזעצמעסיגע אויפפיהרונג.

* *
*

אַרומרעדענדיג ווייטער די צוויי שיטות פון די עפּיקורעער און די סטאָיקער, וועלכע האָבען ביידע גלייך געוואָלט צונויפבינדען טוגענד מיט גליק, נאָר זיי זענען זיך פענאַנדערגעגאַנגען אין דעם אופן, ווי אַזוי צו געפינען די דאָזיגע אידענטישקייט, זאָגט ער:

עפּיקור אַזוי אויך די סטאָיקער האָבען העכער פון אַלץ געשטעלט דאָס גליק, וועלכעס קומט אַרויס אויס׳ן בעוואוסטזיין פון אַ טוגענדהאַפטען לעבען. דער ערשטער מיט זיינע פּראַקטישע פאָרשריפטען איז ניט געווען אַזאַ מגושמ׳דיגער חקרן, ווי מ׳האָט עס געקענט שליסען אויפ׳ן יסוד פון זיינע טעאָרעטישע פּרינציפּען, מיט וועלכע ער האָט זיך בענוצט בלויז אויף צו דערקלערן, אָבער ניט, אַז מ׳זאָל זיך טאַקי אַזוי נוהג זיין, ווי אַ סך האָבען געלערנט אַזוי דעם פּשט, אויפגערעגטע פונ׳ם אויסדרוק „גענוס״, תענוג, אָנשטאָט „צופרידענהייט״. ער האָט דאָך צוגערעכענט צו תענוגים, זאַט מיט סאַמע פולער אינערליכער פרייד, אונאייגענוציגע מעשים טובים, צופרידען שטעלען זיך מיט וועניג און בעצוימען די תשוקות, ווי דאָס וואָלט געקאָנט פאָדערן דער סאַמע שטרענגער מאָראַל־פילאָזאָף, דאָס אַלץ איז אַריין אויך אין זיין

פלאַן פון פערגעניגען (ער פערשטעהט אונטער דעם אַ פרעהליך האַרץ). ער איז זיך פענאַנדערגעגאַנגען מיט די סטאָיקער דער עיקר אין דעם, וואָס אינ׳ם דאָזיגען פערגעניגען, אין דעם געפיהל, האָט ער געלייגט דעם בעוועגונגס=יסוד, די התעוררות צו מעשים טובים, וואָס די לעצטע האָבען עס מיט רעכט ניט אָנגענומען.

דער עיקר איז דאָך ניט, אַז די מעשים זאָלען געשעהן איינשטימיג לויט׳ן פליכט (דורך אַנגענעהמע געפיהלען), נאָר אויס דעם געפיהל פון פליכט, וואָס עס בעדאַרף צו זיין דער צוועק פון יעדער מאָראַלישער פערפאָלקאָמונג.

צי האָט מען אָבער ניט אַ וואָרט, וואָס זאָל בעצייכענען ניט גענוס אַלס גליקזעליגקייט, נאָר צופרידענהייט פון זיין אייגען עקזיסטענץ. עפעס אַנאַלאָגישעס צו גליקזעליגקייט, וואָס זאָל בעגלייטען דאָס בעוואוסטזיין פון טוגענד? יאָ. דאָס דאָזיגע וואָרט איז *זעלבסט=צופרידענהייט*. אין זיין אייגענטליכען בעדייטונג בעצייכענט ער תמיד בלויז די נעגאַטיווע צופרידענהייט פון זיין עקזיסטענץ, ווען מ׳האַלט, אַז מ׳נויטיגט זיך שוין אין קיין זאַך ניט. פרייהייט (בחירה) און איהר בעוואוסטזיין אַלס כוחות נאָכצופאָלגען דעם מאָראַלישען געזעץ, איז די *אונאָבהענגיגקייט פון די תשוקות*, ווענינגסטענס אַלס בעשטימענדע (הגם ניט ווירקענדע פון דרויסען) בעוועגונגס=אורזאַכען פון אונזער בעגעהר. אָט דאָס איז, ווי ווייט איך אָנערקען איהר אין מקים זיין מיינע מאַקסימען, דאָס איינציגע מקור פון אונפערענדערליכע צופרידענהייט, וואָס איז נויטווענדיג מיט איהם פערבונדען און בערוהט ניט אויף קיין שום בעזונדערן געפיהל און דאָס דאָזיגע צופרידענהייט קען הייסען אינטעלעקטועלע. די עסטעטישע בעפרידיגונג (וועלכע ווערט אַזוי אָנגערופען אונאייגענטליך), וואָס בערוהט אויף די בעפרידיגונג פון די תשוקות, ווי פיין און אויסגעפּאַסט די דאָזיגע תשוקות זאָלען ניט זיין, קענען זיי קיינמאָל ניט אַדעקוואַט (פונקט גלייך) זיין דאָס, וואָס מ׳דענקט איבער זיי. תשוקות טוישען זיך, וואַקסען ביי גינסטיגע פאַר

זיי אומשטענדען און לאָזען איבער נאָך זיך אַ גרעסערע פוסטקייט, ווי די, וועלכע מ'האָט געמיינט מיט זיי אויסצופילען, דאַדורך זענען זיי תמיד פאַר דעם פערנינפטיגען וועזען לעסטיג. אויב מ'קען זיי ניט אינגאַנצען בעזייטיגען, דערוועקען זיי דאָך אַ וואונש, ווי ווייט מעגליך פטור צו ווערן פון זיי. אפילו די תשוקה צו דעם, וואָס עס איז צוגעפּאַסט צו פליכט, ווי, למשל, צו וואָהלטעטיגקייט, הגם זי קען פערלייכטערן די ווירקליכקייט פון דער מאָראַלישער מאַקסימע, אָבער די מאַקסימע גופא בעשאַפט זי ניט. אין מאַקסימען מוז זיך אַלץ דרעהען צום פאָרשטעלען דעם געזעץ, אלס אַ בעשטימונגס-יסוד, אויב דער טהאַט בעדאַרף ענטהאַלטען אין זיך ניט בלויז לעגאַליטעט, נאָר אויך מאָראַליטעט. די תשוקה, אין וואָס זי זאָל ניט בעשטעהן, איז זי תמיד בלינד און קנעכטיש, און דער שכל הישר מוז דאָרט, וואו עס געהט וועגען זיטליכקייט, ניט נור זיין איהר אפוטרופוס, נאָר ער דאַרף אויך, ניט לייגענדיג אויף איהר קיין שום אַכט, בעזאָרגען זיך אויסשליסליך וועגען זיין אייגענעם אינטערעס. אפילו דאָס געפיהל פון מיטלייד און דאָס ווייך-האַרציגע אַנטיילנעמונג, ווען דאָס קומט פאָר פאַר דער איבערלעגונג וועגען דעם, אין וואָס עס בעשטעהט דאָס פליכט, איז זי לעסטיג פאַר אָרענטליך-דענקענדע מענשען, זי ברענגט אַריין אין אַ צוטומלונג זייערע איבערגעלעגטע מאַקסימען און דערוועקט אין זיי אַ געפיהל צו בעפרייען זיך פון אָט דעם מיטלייד-געפיהל און צו זיין אונטערטעניג בלויז דער געזעץ-געבענדער פערנונפט.

פון דעם קען מען פערשטעהן, ווי אַזוי דאָס בעוואוסטזיין וועגען כוח פון דער ריינער פראַקטישער פערנונפט דורך מעשים (טוגענד) קען דערוועקען דעם בעוואוסטזיין פון דער איבערמאַכט איבער זיינע תשוקות און דורך דעם אויך דאָס בעוואוסטזיין פון דער אונאָבהענגיגקייט פון זיי, ד. ה. פון יענער אונצופרידענהייט, וועלכע בעגלייט זיי תמיד. אַזוי אַרום ברענגט זי אַרויס אַ נעגאַטיווע צופרידענהייט מיט'ן אייגענעם

צושטאַנד, ד. ה. אַזאַ צופרידענהייט, וועלכע איז אין גרונד גענומען אַ צופרידענהייט מיט זיין פערזאָן. די פרייהייט זעלבסט ווערט אויף אַזאַ אופן (נעמליך אונדירעקט) אַ בעפרידיגונג, וועלכע קען ניט הייסען גליקזעליגקייט, ווייל זי איז ניט אָבהענגיג פון אַ וועלכען ס׳איז געפיהל, ריכטיג געזאָגט, איז עס אויך ניט זעליגקייט, ווייל זי ענטהאַלט אין זיך ניט אַ פאָלשטענדיגע אונאָבהענגיגקייט פון די תשוקות און בעדערפנישען. זי איז אָבער דאָך עהנליך צום לעצטען, לכל הפחות אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די ווילענס-בעשטימונג קען זיך פריי האַלטען פונ׳ם דאָזיגען איינפלוס. אַלזאָ, נאָך איהר אָבשטאַמונג, על כל פנים, איז זי אַנאַלאָגיש מיט יענער צופרידענהייט מיט זיך (זעלבסט גענוגזאַמקייט), וועלכע מ׳קען צושרייבען בלויז דעם העכסטען וועזען.

## די מעטאָדענלעהרע פון דער ריינער פראַקטישער פערנונפט.

אונטער דער מעטאָדען-לעהרע פון דער ריינער פראַקטישער פערנונפט בעדאַרף מען אַממעהרסטען פערשטעהן דעם אופן, ווי אַזוי פאַר די געזעצען פון ריינער פראַקטישער פערנונפט עפענט זיך דער אַריינגאַנג אינ׳ם מענשענ׳ס נשמה און זיי האָבען אַ איינפלוס אויף איהרע מאַקסימען, ד. ה. ווי אַזוי אַרום די אָביעקטיוו פראַקטישע פערנונפט קען מען אויך מאַכען סוביעקטיוו פראַקטיש.

דאָס איז גענוג קלאָר, אַז די זעלביגע בעשטימונג-יסודות פונ׳ם ווילען, וועלכע מאַכען אייגענטליך די מאַקסימען מאָראַליש און גיבען זיי אַ זיטליכען ווערט, ד. ה. די אונמיטעלבאַרע פאָרשטעלונג פון די געזעצען און די אָביעקטיוו נויטווענדיגע מקים זיין זיי אַלס פליכט, מוזען דינען אַלס די אמת׳ע התעוררות צו מעשים, ווייל אַנדערש וואָלט עס געוועזן בלויז לעגאַליטעט פון די מעשים, אָבער ניט מאָראַ-

ליטעט פון דער כּונה. עס איז אָבער ניט אַזוי קלאָר, און
ביים ערשטען אויגענבליק מוז עס פאָרקומען אפילו גאַנץ
אונוואַהרשיינליך, דאָס אויך סוביעקטיוו קען יענע פאָרשטעלונג
וועגען ריינער טוגענד האָבען אַ גרעסערע ממשלה איבער דאָס
מענשליכע געמיט און אַז זי קען געבען אַ שטאַרקערע ווייַ=
טערע התעוררות צו דעם, אום אָבצוהיטען די דאָזיגע לעגאַ=
ליטעט אין מעשים און צו געבען שטאַרק די בכורה דעם
געזעץ אויס ריינער אַכטונג צו איהם, מעהר איידער אַלע
פערפיהרונגען, וועלכע קענען אַרויסקומען פון דער פאָרשטע=
לונג וועגען פערגעניגען און בכלל אַלץ, וואָס קען שייך זיין
צו גליקזעליגקייט, אָדער אויך מעהר איידער די סטראַשונקעס
מיט עגמת נפש און צרות. אָבער, ניט קוקענדיג, ווי עס זעהט
פאַר׳ן אויגענבליק אויס אונזיכער, איז עס דאָך פאָרט אַזוי,
און, ווען די מענשליכע נאַטור וואָלט ניט געווען אַזוי בּע=
שאַפען, וואָלט קיין שום פאָרשטעלונג וועגען דעם דאָזיגען
געזעץ ניט געקענט אַרויסרופען אַ מאָראַלי׳שע שטימונג, צו
וואָס פאַר אַ מיטלען עס זאָל ניט איינפאַלען צו ווענדען זיך
וועגען דעם צוועק. דאַן וואָלט באמת אַלץ געוואָרען צביעות,
דאָס געזעץ וואָלט געוועזען פערהאַסט אָדער פעראַכטעט, ווען
אפילו מ׳זאָל איהם מקיים זיין צוליב אַ געוויסע פערזענליכע
נוץ. דער בוכשטאַב פון געזעץ (לעגאַליטעט) וואָלט זיך טאַקי
געפונען אין אונזערע מעשים, זיין גייסט אָבער אין אונזער
כּונה (מאָראַליטעט) גאָר נישט. אַזוי ווי אָבער ביי אַלע אונ=
זערע בעמיהונגען וואָלטען מיר דאָך אין אונזער אורטייל ניט
געקענט אינגאַנצען לויז מאַכען זיך פון דער פערנונפט, דאַן
וואָלטען מיר אונפערמיידליך אין אונזערע אייגענע אויגען
געוועזען מבוזה׳דיגע און זינדיגע מענשען, ווען מיר וואָלטען
זיך אפילו געפרובט צו בעשיצען געגען דער דאָזיגער בעליי=
דיגונג פאַר דעם אינערליכען ריכטער-טריבונאַל, בעציהענדיג
זיך דערויף, וואָס מיר האָבען זיך מיט פערגעניגען געפרעהט
דערמיט, וואָס לויט אונזער פערשטאָפּטען שכל קומט אויס, אַז
דער אָנגענומענער דורך אונז נאַטירליכער אָדער געטליכער

געזעץ בינדט זיך צוזאַמען מיט דער פּאָליצייאיש־מעכאַנישער
סעטיגקייט, וועלכע ריכטעט זיך בלויז דערמיט, וואָס מען טוט,
ניט צו קימערענדיג זיך איבער דער כּונה, פאַר וואָס מ'טוט
עס גראַדע אַזוי.

מ'דאַרף אַריינברענגען אין דער נשמה ריינעם, מאָראַלי־
שען בעוועגונג'ס־יסוד, וועלכער גיט דעם גייסט זאָגאַר אַ אונ־
ערוואַרטענדען פאַר איהם כּוח, ניט דאַדורך אַליין, וואָס ער
איז דער איינציגער, וועלכער גרינדעט אַ כאַראַקטער (אַ פּראַק־
טיש קאָנסעקווענטע דענקונגס־אַרט נאָך די מאַקסימען), נאָר
אויך מחמת דעם, וואָס ער לערנט דעם מענשען צו פיהלען
זיין אייגענע חשיבות, אום אָבצורייסען זיך פון אַלע חושים'־
דיגע צוגעבונדענקייטען, ווי שטאַרק זיי זאָלען ניט זיין, און
אַז אין דער אונאָבהענגיגקייט פון זיין אינטעליגעבעלער נאַטור
און אין התרוממות הנפש, אין וואָס ער זעהט אויך זיין בע־
שטימונג, צו געפינען אַ רייכע בעלוינונג פאַר'ן געבראַכטען
קרבן. די דאָזיגע אייגענשאַפט פון אונזער גייסט, אָט די עמ־
פינדליכקייט זיינע צו ריינעם מאָראַלישען אינטערעס, בכן אויך
די בעוועגענדע קראַפט פון דער ריינער פאָרשטעלונג וועגען
טוגענד, אויב זי איז, ווי געהעריג, אַריינגעפירט געוואָרען אין
מענשענס האַרץ, ווילען מיר, דורך בעטראַכטונגען, וועלכע זע־
נען צוגענגליך פאַר יעדען, בעווייזען, אַז דאָס איז דער סאַ־
מע שטאַרקסטער כּוח ההתעוררות. דערביי מוז מען גדענקען,
דאָס אויב די דאָזיגע בעאָבאַכטונגען בעווייזען בלויז די ווירק־
ליכקייט פון אַזאַ געפיהל, אָבער עס בעווייזט ניט אַ צושטאַנד
געקומענע דורך דער זיטליכער פערבעסערונג, מאַכט עס דאָך
ניט קיין שום שאָדען דער איינציגער מעטאָדע פון מאַכען די
אָביעקטיוו־פּראַקטישע געזעצען פון דער ריינער פערנונפט בלויז
דורך דער ריינער פאָרשטעלונג פון פליכט פאַר סוביעקטיוו־
פּראַקטישע און עס פאַרוואַנדעלט ניט די דאָזיגע מעטאָדע
אין אַ פוסטער פאַנטאַזיע.

ווען מ'לעגט אַכט אויף דעם גאַנג פון אַ שמועס, וואָס
עס קומט פאָר אין אַ געמישטער געזעלשאַפט, וועלכע בעשטעהט

ניט בלויז פון געלעהרטע און ערנסטע מענשען, נאָר אויך פון געשעפטס־לייט און פרויען, בעמערקט מען, אַז דאָרט געפינט תמיד, אויסער די פערשידענע מעשיות און חכמה'לעך, אַ פלאַץ נאָך אַ אונטערהאַלטונג, נעמליך דאָס רעזאָנירען, ווייל די מעשיות, וועלכע דאַרפען נאַטירליך צו זיין ניי און אינטערעסאַנט, שעפען זיך גיך אויס און די חכמה'לעך ווערען אויסגעוועבט. צווישען די אַלע מינים רעזאָנירעריי, איז אַם מעהרסטען מונטערן אויף מענשען, וועלכע אַזוי געוועהנליך לאַנגווייליגען זיי זיך ביי יעדען ערנסטען שמועס, און עס טראָגט אַריין אַ געוויסע לעבהאַפט אין דער געזעלשאַפט, דער שמועס איבער דער זיטליכער ווערט פון דער אָדער יענער טאַט, דורך וועלכער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען דער כאַראַקטער פון אַ וועלכער ס'איז פערזאָן. די זעלביגע מענשען, פאַר וועלכע אַלע סובטילע און גריבלערישע אין טעאָרעטישע פראַגען זענען פאַר זיי טרוקען און לאַנגווייליג, ווערען זיי אויפגעלעבט, ווען מ'בעדאַרף אָבצושאַצען דעם מאָראַלישען ווערט פון אַ גוטען אָדער שלעכטען טאַט, וועגען וועלכען עס ווערט געפיהרט דער שמועס. אַזוי גענוי, גריבלעריש און סובטיל בעאורטיילען זיי אַלץ, וואָס קען פערקלענערען אָדער פערדאַכטען די ריינקייט פון דער זיטליכער כונה, ד. ה. דעם גראַד טוגענד פון אונזער מענשען, דאָס ביי אַ אַנדער אָביעקט פון אַ ריין שכל'דיגעס וואָלט מען עס פון זיי ניט געקענט ערוואַרטען. אין דעם געשפרעך קען מען אָפט בעמערקען דעם כאַראַקטער פון אָט די מענשען גופא, וועלכע זאָגען אַרויס וועגען דעם ענין זייערע השערות. אייניגע, ווען זיי מאַכען זייער משפט, איבערהויפט, איבער נפטרים, ווייזען זיי אַרויס אַ בעזונדער נייגונג אַרויסצוברענגען יענץ גוטעס, וואָס מ'דערצעהלט וועגען דעם אָדער יענעם פערזאָן, און פערטיידיגען איהם געגען די פאָרוואורפען אין צביעות און אַ שלעכטע כונה. אַנדערע דאַגעגען קלערן מעהר וועגען בעשולדיגונגען און פאָרוואורפען, כדי אַראָבצוואַרפען די דאָזיגע זיטליכע חשיבות. ניט שטענדיג האָבען די לעצטע דוקא דעם מיין

אַרויסצוּוואַרפען אינגאַנצען די טוּגענד פוּן מענשליכע מעשים און מאַכען פוּן איהר אַ פּוּסט וואָרט, עס איז אָפט גאָר נוּר גוּט־געמיינטע שטרענגקייט אין בעשטימען דעם עכטען זיט־ליכען אינהאַלט לויט דעם אָהן פניות׳דיגען געזעץ, אין פער־גלייך מיט וועלכען יעדע פוּן־זיך־האַלטוּנג ווערט אין מאָראַ־לישער הינזיכט זעהר אַראָבגעפאַלען. די פערטיידיגער ווידער וועגען דער ריינער כּוונה אין די געגעבענע ביישפּילען וואָלטען גערן אָבגעוואַשען אפילו דעם קלענסטען פלעק דאָרט, וואו עס איז נוּר דאָ אַ מעגליכקייט משער צוּ זיין עהרליכקייט, דען אויב מ׳זאָל אין אַלע ביישפּילען מדחה זיין די עהרליכע כּוונה און פוּן יעדע מענשליכע טוּגענד אָבלייקענען די אויפריכטיג־קייט, וואָלט מען דאָך איהר אַזוי אַרום סוף־כּל־סוף האַלטען פאַר אַ געשפּענסט און אַלע שטרעבוּנגען צוּ איהר געהאַלטען פאַר זעהר נידריג.

איך ווייס ניט, פאַר וואָס די ערציהער פוּן דער יוּגענט האָבען זיך ניט בענוּצט מיט דער דאָזיגער נייגוּנג פוּן דער פער־נוּנפט זיך איבערצוּגעבען מיט אַזאַ חשק אין דער סאַמע טיפ־סטער גריבלוּנג פוּן אַזעלכע פראַגען. וויבאַלד זיי האָבען שוין יאָ געלייגט אינ׳ם יסוד פוּן דער ערציהוּנג בלויז אַ מאָראַ־לישען קאַטעכיזים, היינט פאַר וואָס פערברענגען זיי ניט די שוּל־שמוּעסען מיט זייערע תּלמידים אין אויסצוּגען פוּן ביאָ־גראַפיעס, געמאַכטע מיט דער כּוונה, כּדי צוּ האָבען אוּנטער דער האַנד בעווייזען פאַר דעם פאָרגעלעגטען פליכט, וואו מ׳קען אַזוי לייכט דוּרך פערגלייכען עהנליכע מעשים אין פערשידענע בעדינגוּנגען פוּן דער טעטיגקייט אָנצוּמערקען דערביי די קלענערע אָדער גרעסערע מאָראַלישע ווערט פוּן די דאָזיגע מעשים. ביי דעם איז אפילו די סאַמע יוּנגסטע יוּגענט, וועלכע איז נאָך ניט צייטיג געוואָרן צוּ אַ אַנדער שכל׳דיג ענין, ווערט דערביי גלייך זעהר שאַרפזיכטיג, און ווייל זי פיהלט דעם פאָרטשריט פוּן איהר אוּרטייל־קראַפט, פערהאַלט זי זיך צוּ די דאָזיגע פראַגען מיט גרויס אינטערעס. דאַן — און דאָס איז דער עיקר — קען מען מיט זיכערהייט

האָפען, אַז דורך די אָפטערע איבונג, וועט די יוגענד דערקענען דעם זיטליכען דרך אין זיין גאַנצער ריינקייט, וועט שטרעבען אין איהם צו געהן און וועט מיט מיטלייד אָדער מיט פעראַכטונג בעמערקען יעדען קלענסטען אַראָבגעהן פונ׳ם דאָזיגען דרך. דער איינדרוק פון הויך שעצען טייל מעשים און צו פעראַכטען אַנדערע, וועט שוין, דורך דער געוואוינהייט צו קוקען אויף אַזעלכע זאַכען מיט הסכמה אָדער מיט טאַדלונג, בלייבען ביי זיי אויף אייביג און דאָס בעשאַפט אַ גוטען יסוד צו עהרליכקייט אויף זייער גאַנצען צוקונפטיגען לעבען. *)

ווען מ׳שטעלט אָבער אַוועק די פראַגע, וואָס אייגענטליך איז עס די דאָזיגע זיטליכקייט, אָן וועלכער, אַלס אָן אַ פראָביר־מעטאַל מוז מען אויספּריווען דעם מאָראַלישען אינהאַלט פון יעדען טהאַט, דאַן מוז איך זאָגען, אַז נור ביי פילאָזאָפען קען אויסקומען צווייפעלהאַפט די ענטשיידונג פון דער דאָזיגער פראַגע. דען אין דער אַלגעמיינער מענשליכער פערנונפט איז זי שוין לאַנג, הגם ניט דורך אַ אַבסטראַקטע פאָרמולע, אָבער דורך דער געוויינליכער פראַקטיק, ענטשיידען אַזוי בעשטימט, ווי דער חילוק צווישען דער רעכטער און דער לינקער האַנד. מיר ווילען דעם ערשטען פראָביר־סימן פון ריינער

---

*) עס איז זעהר גלייך צו לויבען אַזעלכע מעשים, וועלכע עס איז אין זיי דורכגעדרונגען אַ גרויסע אונאייגענניציגע כונה און מענשליכקייט, מ׳בעדאַרף אָבער לעגען דאָ אַכט ניט אַזוי אויף די ז ע ל י ש ע ה ת ל ה ב ו ת, וועלכע געהט געשיקט איבער, ווי פיל מעהר א ו י ף ד י א ו נ ט ע ר ט ע נ י ג ק י י ט פ ו ן ד אָ ס ה אַ ר ץ א ו נ ט ע ר ד ע ר פ ל י כ ט, פון וואָס מ׳קען ערוואַרטען אַ מעהר דויערענדען איינדרוק, ווייל די לעצטע פיהרט צו אַ גרונדגעזעץ. (אָבער די ערשטע בלויז צו אַ מינוטיגע דערהויבונג). מ׳בעדאַרף נור אַ ביסעל נאָכדענקען, וועט מען שטענדיג געפינען עפּעס אַ חטא, וועלכען דער יעניגער מענש איז אויף אַ געוויסען אופן בעגאַנגען (הגם דאָס זאָל בלויז בעשטעהן אין דעם, וואָס דורך דער ניט גלייכהייט פון מענשען אין דער בירגערליכער אָרדנונג, געניסט ער פון אַזעלכע בעקוועמליכקייטען, אין וועלכע עס בויטיגען זיך שטאַרק אַנדערע), אַז מ׳זאָל ניט דורך די אייגענליבּיגע איינבילדונג וועגען זיין פ ע ר ד י נ ס ט אַרויסשטויסען דעם געדאַנק וועגען פ ל י כ ט.

טוגענד בעווייזען אויף אַ ביישפּיל. שטעלען מיר זיך פאָר, אַז דאָס דאָזיגע ווערט פאָרגעלעגט צו בעאורטיילען אַ צעהן יעהריגען יונגעל און לאָמיר זעהן, צי וועט ער ניט נעמליך טאַקי אַזוי בעאורטיילען פון זיך זעלבסט, אָהן די אָנווייזונגען פונ׳ם לעהרער. מ׳דערצעהלט איהם די געשיכטע פון אַ איש=אמת, וועלכען מ׳וויל איבעררעדען, אַז ער זאָל אַרויסטרעטען מיט אַ רכילות און בעשולדיגונגען געגען אַ אונשולדיגען מענשען, וועלכער איז אַ איינפאַכע, ניט קיין מאַכטהאָבענדע פערזאָן. מ׳לעגט איהם פאָר, דעם איש=אמת, דערפאַר טובות, ד. ה. גרויסע מתנות אָדער אַ הויכען ראַנג, אָבער ער שטימט דערויף ניט איין. דאָס דערוועקט שוין אין דער נשמה פון יונגען צוהערער הסכמה און מיטגעפיהל, וואָס איז שוין אַ נוץ. דאַן הויבט מען אָן פון דראָהונגען און פערלוסטען. מ׳דערצעהלט איהם, אַז צווישען די דאָזיגע רכילות׳ניקעס געפינען זיך דעם איש=אמת׳נס בעסטע גוטע פריינד, וועלכע ווילען צוליב זיין אמת׳קייט אָבזאָגען זיך פון איהם מיט זייער פריינדשאַפט, עס געפינען זיך צווישען זיי אויך זיינע נאָהנטע קרובים, וועלכע (און ער איז דוקא אַ אָרימאַן) דראָהען איהם דערפאַר מעביר נחלה צו זיין, מאַכטהאָבענדע, וועלכע קענען אין יעדען אָרט און ביי יעדען צושטאַנד פערפאָלגען איהם און טאָן רשעות. עס איז פעראינטערעסירט אין דער רכילות אויך דער העכסטער אָנפיהרער פון דער מדינה, וועלכער סטראַשעט איהם מיט׳ן פערלירען זיין פרייהייט און אפילו אויך דאָס לעבען. אַם ענדע, כדי די מאָס פון זיינע ליידונגען זאָלען זיין פערפולט, לאָזט מען איהם פיהלען יענעם עגמת נפש, וועלכען עס קען אַם מעהרסטען טיף פיהלען אַ זיטליך גוט הארץ. זיין פאַמיליע, וועלכער מ׳דראָהט מיט גרויס נויט און אָרעמקייט, בעט זיך ביי איהם רחמים, אַז ער זאָל נאָכגעבען, — איהם, דעם אַזוי עמפינדליכען צו מיטלייד. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען ער ווינשט זיך, ער זאָל געווען בעסער ניט דערלעבען יענעם טאָג, וועלכער האָט איהם פערשאַפט אַזוי פיל עגמת נפש, בלייבט ער דאָך, אָהן שום וואַקלונגען

און צווייפלונגען, טריי זיין בעשלוס צו זיין עהרליך. דאַן
וועט דער יונגער צוהערער שטופּענווייז זיך אויפהויבען פון
הסכמה צו בעוואונדערונג, פון בעוואונדערונג צו ערשטוינונג
און, אַם ענדע, צו דער גרעסטער פערעהרונג און צום בע=
געהר אויך אַליין צו זיין אַזאַ מענש. דאָ האָט די טוגענד
אַזאַ הויכען ווערט, ווייל זי קאָסט טייער, ניט ווייל זי ברענגט
עפּעס איין. די בעוואונדערונג און אפילו די שטרעבונג צו
פערגלייכען זיך מיט אַזאַ כאַראַקטער בערוהט זיך אינגאַנצען
אויף דער ריינקייט פון זיטליכען יסוד, וועלכער קען זיך
רעכט קלאָר פאָרשטעלען, נאָר דערום, ווייל דאָ ווערט אַלץ,
וואָס מענשען קענען נור צורעכענען צו גליקזעליגקייט, אַוועק=
גענומען פון דער התעוררות צו דער דאָזיגער האַנדלונג. אַלזאָ
איז די זיטליכקייט אויף דער מענשליכער האַרץ דאַן אַלץ אַ
גרעסערע קראַפט, וואָס ריינער זי איז פאָרגעשטעלט. פון דעם
קומט אויס, אַז ווען דאָס געזעץ פון זיטליכקייט און דאָס
בילד פון הייליגקייט און טוגענד דאַרפען תמיד אויסאיבען אַ
געוויסען איינפלוס אויף אונזער גייסט, קענען זיי אָט דעם
איינפלוס אויסאיבען נור אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זיי ווערן
געשטעלט ריין אַלס אַ התעוררות, נישט אויסגעמישט מיט קיין
שום פניות, מיט טובות הנאות און דעריבער שטעלען זיי זיך
אַם בעסטען פאָר אין ליידונגען. אָבער דאָס דאָזיגע, וועמענס
פערמיידונג פערשטאַרקט די ווירקונג פונ׳ם כוח=ההתעוררות,
איז ממילא אַ שטערונג. פון דעם קומט אויס, אַז יעדע צו=
מישונג פון התעוררות וועלכע ווערן גענומען פון אייגענע
טובות זענען אַ שטערונג דערצו, דאָס דער מאָראַלישער געזעץ
זאָל האָבען אַ איינפלוס אויפ׳ן מענשענ׳ס האַרץ. איך בעהויפּט
ווייטער, אַז אפילו אין אָט יענער בעוואונדערטער האַנדלונג,
אויב די אורזאַך פון דער התעוררות, פון וועלכער זי איז
געשעהן, איז געוועזען בלויז די הויכע שעצונג פון זיין
פליכט, נעמליך די דאָזיגע אַכטונג צום געזעץ, אָבער ניט די
פּרעטענזיע אויף גרויסמוט און איידעלקייט, איז אָט דאָס האָט
דעם גרעסטען איינפלוס אויפ׳ן צוהערערס גייסט. בכן פליכט,

ניט דאָס אַריינרעכענען זיך פאַר אַ פערדינסט, ווען די פליכט ווערט נאָר פאַרגעשטעלט אין איהר ריינער קלאָרקייט, מוז האָבען דעם אַריינדרינגענדסטען איינפלוס אויפ'ן מענשענ'ס דרך.

אין אונזער צייט, ווען מ'מיינט, אַז מיט טרוימערישע און ווייכהערציגע געפיהלען, מיט הויך-פליהענדע און אויפבלי-הענדע פאָדערונגען, איז צו האָפען מעהר אויפצוטאָן פאַר'ן גע-מיט, ווי מיט די, פאַר דער מענשליכער אונפאָלקאָמענהייט און דעם פאָרטשריט אין גוטען צוגעפּאַסטע, טרוקענע, און ערנסטע פאָרשטעלונג וועגען פליכט, פאַר אָט דער מיינונג איז די אָנ-ווייזונג אויף דער דאָזיגער מעטאָדע זעהר נויטיג. צו שטעלען קינדער פאַר אַ מוסטער מעשים, אַלס איידעלע און גרויסמוטיגע מיט דער כונה, דורך דאָס דערוועקענדע ענטוזיאַזמוס, צו מאַ-כען זיי געניגט דערצו, איז לחלוטין געגען צוועק. דען כל זמן זיי זענען נאָך ניט פאָלקאָם רייף צו בעטראַכטען די גע-וואוינליכע פליכט און צו אורטיילען אין דער ריכטונג, הייסט עס מאַכען זיי פאַר פאַנטאַזיאָרען און שטויסען זיי צוריק פון דעם גאַנץ געוועהנליכען פליכט. אָבער אויך פאַר דער מעהר רייפענדער און מעהר ערפאַהרענער טייל פון דער מענשהייט איז אַזאַ פערהאַלטען זיך צו דער זאַך, ווען זי איז אפשר ניט שעדליך, ברענגט זי אָבער ניט אַרויס די אמת'ע מאָראַלישע ווירקונג אויף דאָס האַרץ, וואָס מ'האָט דאָך אייגענ-טליך דאָס דאָזיגע דאָ געוואָלט דערגרייכען.

אַלע געפיהלען, איבערהויפּט יענע, וועלכע דאַרפען בעווירקען אַ אונגעוועהנליכע אָנשטרענגונג, מוזען זיי טאָן זייער ווירקונג אין אויגענבליק פון זייער שטאַרקען חשק, פרי-הער איידער דער חשק פאַלט אָב, אַז ניט טוען זיי גאָרניט ניט אויף. דען דאָס האַרץ קערט זיך אום נאַטירליכערווייזע צו זיין נאַטירליכען, מעסיגען לעבענס בעוועגונג און פאַלט צוריק אַריין אין זיין מאַטיגקייט, ווייל אין דעם דראַנג איז געוועזען דאָס, וואָס האָט איהם גערייצט, אָבער ניט דאָס, וואָס עס האָט אים געקרעפטיגט. גרונדזאַצען מוזען זיין געגרינ-דעט אויף בעגריפען. אויף יעדען אַנדער יסוד קענען בלויז

אויפפלאַמונגען צושטאַנדקומען, וועלכע גיבען ניט דעם מענשען
קיין שום מאָראַלישען ווערט און קען אפילו ניט פערשאַפען
אמונה אין זיך זעלבסט. אָהן דעם קען ניט זיין דאָס בע=
וואוסטזיין פונ'ם מאָראַלישען גייסט און מאָראַלישען כאַראַקטער,
אין וועלכען עס בעשטעהט דאָס העכסטע גליקליכקייט אין מענ=
שען. און די דאָזיגע בעגריפען, ווען זיי ברויכען צו זיין
סוביעקטיוו=פראַקטישע, בעדאַרפען זיי ניט בלייבען שטעהן ביי
די אָביעקטיווע געזעצען פון זיטליכקייט, אום זיי צו בעוואונ=
דערען און צו הויך שעצען זיי אין דער בעציהונג צו דער
מענשהייט, נאָר מ'דאַרף זיי בעטראַכטען אין בעציהונג צו
מענשען און אויך צום אינדיווידום. דער דאָזיגער געזעץ, הגם
ער ערשיינט אין אַ העכסטען גראַד אַכטונגסווירדיגען געשטאַלט,
אָבער ניט אין יענער פאָרם, ווי ער זאָל געווען געהערען צו
די עלעמענטען, צו וועלכע דער מענש איז נאַטירליכערווייזע
געוואוינט, נאָר פערקערט, ער צווינגט דעם מענשען, אָפט ניט
אָהן זעלבסט=רעזיגנירונג, צו פערלאָזען די נאַטירליכע נייגונגען
און איבערגעהן צו עפעס העכערס, אַהין, וואו דער מענש קען
זיך דאָרט מיט מאַטערניש קויט האַלטען, געשראָקען מיט אונ=
אויפהערענדער מורא צוריק צו פאַלען. מיט איין וואָרט, דאָס
מאָראַלישע געזעץ פערלאַנגט געהאָרכזאַמקייט צוליב'ן געפיהל
פון פליכט, אָבער ניט צוליב עפעס אַ צונייגונג, פון וועלכען
מ'טאָר דאָ גאָרנישט אפילו אַ קלער טאָן.

לאָמיר נאָכקוקען אין אַ ביישפיל, צי ליגט אין דער
פאָרשטעלונג וועגען אַ טהאַט, אַלס אַ איידעלער און גרויסמו=
טיגער טהאַט מעהר סוביעקטיוו בעוועגענדע קראַפט פון
התעוררות, איידער אין דעם פאַל, ווען דאָס שטעלט זיך בלויז
פאָר אַלס פליכט אין בעציהונג צום ערנסטען מאָראַלישען גע=
זעץ. ווען איינער סטאַרעט זיך מיט דער גרעסטער פאַר זיך
געפאַהר צו ראַטעווען מענשען ביי אַ שיפאונטערגאַנג און פער=
לירט דערביי סוף כל סוף דעם לעבען, איז דער דאָזיגער
טהאַט, הגם פון איין זייט ווערט ער אַריינגערעכענט אין
פליכט, פון דער צווייטער זייט אָבער און דאָס רוב ווערט ער

אַריינגערעכענט אין פערדינסטליכעס און די היכע שטעלונג פון אַזאַ טהאַט ווערט זעהר אָבגעשוואַכט דורכ'ן בעגריף פון פליכט צו זיך זעלבסט, וועלכער ליידט דאָ אַביסעל. מעהר ענטשיידענער איז דערביי די גרויסמוטיגקייט צו אָפּפערן זיין אייגען לעבען, כדי צו ראַטעווען דאָס לאַנד, הגם אויך דאָ בלייבט נאָך איבער אַ געוויסער צווייפעל, נעמליך, צי איז עס טאַקי ווירקליך אַ אמת'ער חוב פאַר'ן מענשען — פון זיך זעלבסט און אונבעפוילען צו ווידמען זיך דעם דאָזיגען צוועק. דערום האָט אין זיך אויך אָט דער טהאַט ניט די גאַנצע קראַפט פון אַ מוסטער און אַ התעוררות אויף נאָכצוטאָן. דערפאַר אָבער, ווען דאָס איז אַ אונבעדינגטע פליכט, אָהן די שייכות צו דער מענשליכער טובה, פון וועלכען דאָס אָבטרעטען פון איהם איז מחלל דעם מאָראַלישען געזעץ אין זיך זעלבסט און גלייך ווי מ'וואָלט זיין הייליגקייט געטראָטען מיט די פיס (אַזעלכע פליכטען רופט מען געוועהנליך די פליכטען צו גאָט, ווייל אין איהם דענקען מיר דעם אידעאַל פון הייליגקייט אין סובסטאַנץ) אָט דאַן אָ איז מיט דער גאַנצער און אונענדליכער אַכטונג ווידמען מיר זיך מקים צו זיין די געבאָטען פון פליכט, אָפּפערענדיג מיט אַלץ, וואָס וואָלט געקענט האָבען אַ ווערט אפילו פאַר דער סאַמע אינטימסטער פון אַלע אונזערע תשוקות. אַזאַ ביישפיל דערהויבט און שטאַרקט די נשמה, ווען מיר קענען זיך דערביי איבערצייגען, אַז די מענשליכע נאַטור איז פעהיג צו אַזאַ הויכער דערהויבונג איבער אַלץ, וואָס די נאַטור איז ביכולת צו געבען אַלס אַ טרייבקראַפט צום היפך דערפון צו וואָס דער מענש דערהויבט זיך.

ווען מיר וועלען אַריינברענגען אין אונזערע מעשים אַ שמייכעלהאַפטע פאַר אונז אנערקענונג, וועגען אונזער פיינקייט, דאַן מישט זיך די התעוררות אַביסעל אויס מיט אייגענליבע. האָבען מיר, אַלזאָ, דאָ אַ שטיקעל הילף פון דער חושים'דיגער זייט. אָבער אָפּפערען אַלץ פאַר דער הייליגקייט פון פליכט אַליין און זיך בעוואוסט ווערען, אַז מ'קען דאָס, ווייל אונזער אייגענע פערנונפט אַנערקענט דאָס אַלס איהר געבאָט און זאָגט,

אַז אַזוי זאָל מען טאָן, אָט דאָס הייסט אײנגאַנצען זיך דערהויבען איבער זיין חושים־וועלט. און אָט דעם בעוואוסט־זיין פונ'ם געזעץ, אַלס אַ טרייב־קראַפט פון די כוחות, וועלכע הערשען איבער דער זינליכקייט איז עס אויף ניט אויפצוקני־פען, הגם ניט תמיד, צוזאַמען געקניפט מיט עפעקט, אָבער דאָס אָפטערע פערנעמען זיך דערמיט און די קלענערע פון אנפאַנג פרואווען צו דערגרייכען דערצו, גיט די האָפנונג אויף זיין פערווירקליכונג, אום אַרויסצורופען אין אונז נאָך און נאָך דאָס גרעסטע, אָבער ריין מאָראַלישע אינטערעס דערצו.

די מעטאָדע נעמט אַלזאָ אָן פאָלגענדען גאַנג. צום ער־שטען שטרעבט זי צו מאַכען פאַר אונז די אורטיילונג לויט'ן מאָראַלישען געזעץ פאַר אַ נאַטירליכען ענין, וועלכער בעגלייט אַלע אונזערע פרייע מעשים, אַזוי אויך די בעאָבאַכטונג אי־בער פרעמדע מעשים און אויך צו מאַכען איהר פאַר אונז, ווי אַ רגילות און זי צו שאַרפען. דאָ פרעגט מען ראשית דבר, צי ענטשפרעכט דער טהאַט אָביעקטיוו דעם מאָראַלישען געזעץ און וועלכען נעמליך. אָבער דערביי אונטערשיידט מען דעם געזעץ, וועלכער גיט אין דער האַנד בלויז דעם יסוד פון פליכט פון יענעם געזעץ, וועלכער איז ווירקליך פערפליכטעט. (למשל דאָס געזעץ פון דעם, וואָס עס פאָדערט פון מיר דאָס בעדערפניש פון מענש אין געגענזאַץ צו דעם, וואָס עס פאָדערט מיר זיין רעכט, בעת דאָס לעצטע פעראָרדענט מיר וועזענטליכע פליכטען, איז דאָס ערשטע אָבער אונביכולת'דיגע). און אַזוי אַרום געוואוינט מען זיך אונטער־צושיידען פערשידענע פליכטען, וועלכע קומען זיך צוזאַמען אין איין טהאַט. דער צווייטער פונקט אויף וועלכען די אויפ־מערקזאַמקייט בעדאַרף געווענדעט ווערן, דאָס איז די פראַגע: צי ווערט דער דאָזיגער טהאַט אויסגעפירט סוביעקטיוו לשם דעם מאָראַלישען געזעץ, בכן, צי האָט ער בלויז זיטליכע גערעכטיגקייט אַלס אַ טהאַט אָדער אויך זיטליכען ווערט, אַלס די כוונה פון זיין מאַקסימע? עס איז קיין ספק ניט, אַז די דאָזיגע איבונג און דאָס בעוואוסטזיין פון דער

דערפון ענטשטעהענדער קולטור פון אונזער פערנונפט, וועלכע האָט די אורטיילונג בלויז איבער דעם פּראַקטישען יסוד, מוז עס ביסלעכווייז בעשאַפען אַ געוויסען אינטערעס אויך צום געזעץ פון דער פּראַקטישער פערנונפט, אַלזאָ אויך צו מאָראַליש גוטע מעשים. מיר בעקומען תמיד סוף־כל־סוף ליב דאָס, ביי וועמענס בעטראַכטונג מיר פיהלען אַ פערברייטערונג אין דער אָנווענדונג פון אונזערע ערקענטניס כחות. און דאָס אַנערקענען מיר איבערהויפּט אין דעם, אין וואָס מיר טרעפען מאָראַלישען יושר, ווייל די פערנונפט מיט איהרע כוחות צו בעשטימען אַפּריאָרי נאָך די פּרינציפּען, וואָס עס זאָל געשעהן, קען זיך גוט פיהלען בלויז אין אַזאַ אָרדנונג פון זאַכען. יעדער נאַטור־פאָרשער הויבט אָן סוף־כל־סוף צו ליבען יענע געגענשטאַנדען, וועלכע זענען מתחלת געווען עקעלהאַפטיג זיינע אויסערליכע חושים נאָך דעם ווען ער ענטדעקט די גרויסע צוועקמעסיגקייט אין זייער אָרגאַניזאַציאָן און האָט אַזוי אַרום, דורכ'ן בעטראַכטען זיי געגעבען שפּייז דעם מוח. לייבניץ פלעגט יענעם אינזעקט, וועלכען ער האָט שוין אויפמערקזאַם בעטראַכט דורכ'ן מיקראָסקאָפּ, רחמנות'דיג צוריק אָבטראָגען אויף זיין בלאַט, ווייל ער האָט דורך זיין בעטראַכטונג זיך געפונען בעלעהרט און פון איהם הייסט עס אַ טובה בעקומען.

אָבער די דאָזיגע בעשעפטיגונג פון דער אורטיילס־קראַפט, וועלכע לאָזט אונז פיהלען אונזערע אייגענע ערקענטניס־כוחות, איז נאָך ניט דער אינטערעס צו מעשים און צו זייער מאָראַליטעט. זי מאַכט בלויז דאָס, וואָס פון דאַן אָן הויבט מען זיך גערן אָן צו פערנעמען מיט אַזאַ בעאורטיילונג און זי גיט דער טוגענד אָדער דער דענקונגס־אַרט לויט מאָראַלישע געזעצען יענע פאָרם פון שענהייט, וועלכע מ'בעוואונדערט, אָבער וועלכער עקסטרע נאָכזוכען עס צוליב דעם זוכט מען עס נאָך ניט נאָך. — ווי אַלץ פון וועלכעס די בעטראַכטונג סובּיעקטיוו דערוועקט אין אונז דאָס בעוואוסטזיין פון דער האַרמאָניע פון אַלע אונזערע פאָרשטעלונגס־כוחות, דערביי פיהלען מיר, דאָס אונזער גאַנצער פערשטעהונגס־כוח

(פערשטאַנד און איינבילדונגס=קראַפט) ווערט שטאַרקער, מאַכט אַ אַנגענעהם געפיהל, וועלכער קען מיטגעטיילט ווערן אויך אַנדערע, הגם מיר בלייבען דערביי גלייכגילטיג צו דער עקזיסטענץ פונ'ם אָביעקט, ווייל מיר קוקען אויף איהם בלויז ווי אויף אַ סבה, וועלכע דערוועקט אין אונז די ערקענונג פון די שפורען פונ'ם טאַלענט, וועלכער דערהויבט אונז איבער דער טירהייט. אָבער דאָ טרעט צו צו דער אַרבייט די צווייטע איבונג נעמליך אין אַ לעבעדיגער פאָרשטעלונג פון דער מאָראַלישער כונה אָנצווייזען אויף ביישפּילען די ריינקייט פונ'ם ווילען, צום ערשטען בלויז אַלס זיין נעגאַטיווע פערפאָלקאָמענהייט, ווי ווייט אין טהאַט אַלס פליכט האָבען נישט קיין איינפלוס, קיין שום התעוררות פון די תשוקות. דאָס מאַכט אויפמערקזאַם דעם תלמיד אויפ'ן בעוואוסטזיין פון זיין פרייהייט. און הגם די דאָזיגע נזירות פונ'ם ביישפּיל דערוועקט אין איהם תחלת אַ געפיהל פון צער, אָבער, אַזוי ווי זי בעפרייט איהם אָט דעם שילער אפילו פון די געצוואונגענקייטען צו די אמת'ע בעדערפעניסען, זאָגט זי איהם אַזוי אַרום צוגלייך פאָר אַ בעפרייאונג פון פערשידענע סאָרטען אונצופרידענהייטען, וועלכע עס דערוועקען אין אונז אָט די אַלע בעדערפנישען און מאַכט זיין גייסט עמפּינדליך צו צופרידענהייטען פון אַנדערע קוועלען. דאָס האַרץ ווערט לייכטער און בעפרייט זיך פון דער משא, וועלכע האָט עס כסדר שטילערהייד געדריקט, ווען אין די ריינע מאָראַלישע ענטשליסונגען, די ביישפּילען פון וועלכע ווערן פאָרגעלייגט פאַר דעם מענשען, ענטדעקט זיך איהם אַ אינערליכער, זאָגאַר איהם זעלבסט אונבעוואוסטער כוח פון אינערליכער פרייהייט, — אַ כוח לויז צו מאַכען זיך פון דער שטורמישער משא נייגונגען אויף אַזוי פיל, אַז קיין איינע, אפילו די סאַמע בעליבסטע, זאָל ניט האָבען קיין איינפלוס אויפ'ן בעשלוס, וואו מיר דאַרפען זיך איצט בענוצען בלויז מיט דער פערנונפט. אין דעם פאַל, ווען איך בלויז אַליין ווייס, אַז די אונרעכט איז אויף מיין זייט, איז דאָס פרייע מודה זיין זיך דערין און דער פאָר=

שלאַג צו פערגיטיגען די אונרעכט טרעפען אָן אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד אין די נאַרישע הבלים, אייגען־נוציגקייט, אָפּט זאָגאַר אין דער גערעכטיגער אונסימפּאַטיזירונג צו יענעם, וועמענס רעכט איך האָב געשטערט. אָבער איך קען מיך דאָך לויז מאַכען פון די אַלע וואַקלונגען, אַרויסווייזען די אונאָבהענגיגקייט פון די נייגונגען און גינסטיגע אומשטענדען, וואָס עס גיט מיר אויך אָט די לויזמאַכונג זיך די מעגליכקייט צו זיין מיט זיך צופרידען, וועלכעס איז פאַר מיר אַ ברכה אויך אין אַנדערע הינזיכטען. און דאָס פליכט געזעץ געפינט דורך דעם פּאָזיטיווען ווערט, וועלכען מיר פיהלען אין דעם מקים זיין איהם, אַ לייכטערן אַריינגאַנג דורך דער אַכטונג פאַר זיך זעלבסט אינ'ם בעוואוסטזיין פון אונזער פרייהייט. אויף דאָס דאָזיגע, ווען זי איז גוט געגרינדעט, אויב דער מענש האָט פאַר קיין זאַך ניט אַזוי שטאַרק מורא, ווי פאַר'ן אויסזעהן ביים חשבון הנפש אין די אייגענע אויגען נישטיג און פערמיאוסט, קען יעדע גוטע זיטליכע כונה אויסגעפּרובט ווערן, ווייל דאָס איז דער בעסטער און זאָגאַר דער איינציגער שומר, וועלכער דערלאָזט נישט צום גייסט די צוטשעפּונג פון אונעהרליכע און פערדאָרבענע תשוקות.

# אין בעשלוס.

צוויי זאַכען פיהלען אָן אונזער גייסט כסדר מיט נייע בעוואונדערונג און עהרפורכט. און זיי הויבען זיך אַלץ העכער אויף, וואָס אפטער און שטאַרקער דער געדאַנק בעשעפטיגט זיך דערמיט. דאָס זענען — דער שטערענדער הימעל איבער מיר און דאָס מאָראַלישע געזעץ אין מיר. זיי ביידע זענען אַזוינס, וואָס איז פערהילט אין אַ דונקעלקייט, אָדער וועלכע ליגען אויסער מיין האָריזאָנט. איך זעה זיי פאַר זיך און אונמיטעלבאַר פערקניפּ איך זיי מיט'ן בעוואוסטזיין פון מיין עקזיסטענץ. דאָס ערשטע הויבט זיך אָן פון דעם פּלאַץ, פון וועלכען איך פערנעהם אין דער אויסער-

ליכער זינען־וועלט, און פערברייטערט די פערקניפּונג אין וועלכער איך שטעה, אין אַ אונבעקוקענדער גרויס מיט וועלטען, איבער־וועלטען און סיסטעמען פון סיסטעמען, אין גרענעצלאָזע צייטען פון זייער פעריאָדישער בעוועגונג, אין זייער אָנפאַנג און דויערהאַפטיגקייט. דער צווייטער הויבט זיך אָן פון מיין אונזיכטבאַרען איך, פון מיין פערזענליכקייט, און שטעלט מיך פאָר אין אַ וועלט פון אמת׳ער אונענדליכקייט, אָבער בלויז דער פערשטאַנד שפירט עס, און מיט וועלכען איך אַנערקען מיך ניט בלויז אין אַ צופעליגער, ווי דאָרט, נאָר אין אַ פולער און נויטיגער פערקניפּונג. דער ערשטער אָנבליק אויף דער דאָזיגער צאָהללאָזער וועלטען־מענגע איז גלייך, ווי כ׳וואָלט פערניכטעט מיין וויכטיגקייט, אלס אַ טיריש בעשעפעניש, וועלכע מוז צוריקגעבען דער פלאַנעטע (בלויז אַ נקודה אין דער גאַנצער יצירה) יענע מאַטעריע, פון וועלכער זי איז אַרויסגעקומען, נאָך דעם, ווי אָט די מאַטעריע איז אַ קורצע צייט (מ׳ווייס ניט ווי) געוועזען פערזעהן מיט לעבענס־קראַפט. דער צווייטער, דאַגעגען, דערהויבט אונענדליך מיין חשיבות אַלס אַ אינטעליגענץ, דורך מיין פערזענליכקייט, אין וועלכער דער מאָראַלישער געזעץ ענטדעקט מיר אַ לעבען אַ אונאבהענגיגען פון דער טירישקייט און אפילו פון דער גאַנצער זינליכער וועלט, ווי ווייט מ׳קען עס אָננעהמען פון דער צוועקמעסיגער בעשטימונג פון מיין דאזיין דורך אָט דעם געזעץ, וועלכער איינשרענקט זיך ניט מיט בעדינגונגען און גרעניצן פונ׳ם דאָזיגען לעבען, נאָר געהט אין אונענדליכקייט.

---